ש. דימאנשטיין

# די יידישע אווטאָנאָמע געגנט — א קינד פון דער אָקטיאבער-רעוואָלוציע






פארלאג „עמעס"  מאָסקווע 1934

# אינהאלט

## וועגנ פארוואנדלענ דעמ בירעבידזשאנער ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ פונעמ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט

# אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט

## באשטימונג פונ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט פונ פסטר

באטראכט דעמ פאָרשלאָג פונעמ אלרוסלענדישנ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט וועגנ פארוואנדלענ דעמ בירעבידזשאנער ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, באשטימט דער צענטראלער אויספיר-קאָמיטעט פונ פסטר:

די הײַנטיקע באפרידיקנ אונ פארוואנדלענ דעמ בירעבידזשאנער ייִדישנ נאציאָנאלנ ראיאָנ אינ א ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אינעמ באשטאנד פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאנט.

פאָרזיצער פונ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט פונ פסטר

מ. קאלינינ

סעקרעטאר פונ צענטראלנ אויספיר-קאָמיטעט פונ פסטר

א. יענוקידזע

מאָסקווע, קרעמל, 7 מײַ 1934 י.

די נאציאנאלע פאליטיק פונ אונדזער פארטיי אונ פונ דער ראטנ־מאכט פארמאגט א סאכ אפיציעלע באשטימונגענ. וועגנ שאפנ נאציאנאלע רעפובליקנ, אווטאנאמע געגנטנ, נאציאנאלע ראיאנענ אאוו. די אויסבילדונג פונ נאציאנאלע אווטאנאמיעס האט זיכ שוינ בא אונדז אינ גרונט גענומענ פארענדיקט, פארענדיקט נאכ דאנ, ווענ ס'איז געשאפנ געווארנ דער קאמערד אונ דער געזערד, דאס הייסט, אינ סאפ 1924, אנהייב 1925 י. פונ דאנ אנ זיינענ צוגעקומענ בלויז עטלעכע אווטאנאמע אײנסנ.

פאר די לעצטע יארנ זיינענ אווטאנאמע קרייזנ אונ ראיאנענ געשאפנ געווארנ דעריקער פאר די קליינע צאפנ־פעלקער אונ טיילווייז פאר די פעלקערשאפטנ פונ סיביר. אונ אט איז אפנ 17־טנ יאר פונ דער אקטיאבער־רעוואליוציע געשאפנ געווארנ א יידישע אווטאנאמע געגנט אפ דער טעריטאריע פונ בירעבידזשאנער ראיאנ אינ די גרענעצנ פונ ווייט־מיזרעכדיקנ קאנט. די דאזיקע געשעעניש האט פאר דער ארבעט צווישנ די יידישע הארעפאשניקעס אנ אויסשליסלעכ וויכטיקע באדייטונג.

פריער פאר אלצ וועגנ דער פאליטישער באדייטונג, וואס עס האט די היסטארישע באשטימונג פונ אונדזער צענטראלער ראטנ־רעגירונג פונ 7־טנ מיי ד. י. וועגנ שאפנ די יידישע אווטאנאמע געגנט. ס'איז קיינ שום צווייפל ניט, אז די דאזיקע באשטימונג דערלאנגט א פארניכטנדיקנ קלאפ די רעשטנ פונ דער נאציאנאליסטישער אידעאלאגיע אינ דער סוויווע פונ די יידישע ארבעטנדיקע אונ פארשטארקט אומגעהייער זייער אינטערנאציאנאלנ באוווסטזיינ. יעדער יידישער ארבעטער, יעדער יידישער הארעפאשניק איבערצייגט זיכ קלאר אונ דייטלעכ דערינ, ווי אופמערקזאמ די ראטנמאכט באציט זיכ צו דער לייזונג פונ דער נאציאנאלער פראגע אינ אנ ענדגילטיקער אונ אויסשעפנדיקער פארמ, ניט בלויז טעארעטיש, נאר אויכ פראקטיש.

קיינער קאָן ניט אָפּלייקענען, אַז די סאָציאַל־עקאָנאָמישע רעקאָנסטרוקציע פון די ייִדישע מאַסן איז פאָרגעקומען דערהויפּט מיטן וועג פון אײַנגלידערן די ייִדישע אַרבעטנדיקע, דערעיקער די יוגנט, אין דער אינדוסטריע, באַזונדערס אין די אונטערנעמונגען פון דער שווערער אינדוסטריע. דאָ האָבן מיר געהאַט אַ באַדײַטנדיקן וווּקס אין פּעריאָד פון ערשטן פינפיאָר. די צאָל פון דער זעלבסטטעטיקער ייִדישער באַפעלקערונג, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט לוין־אַרבעט, איז באַדײַטנדיק העכער ווי בײַ אַ ריי אַנדערע פאָרויסגייענדיקע פעלקער; נאָר דער פּראָצעס פון צוציִען די ייִדישע אָרעמשאַפט צו פּראָדוקטיווער אַרבעט איז פאָרגעקומען ניט גלײַכמעסיק, און וועזנטלעכע רעשטלעך פון דער אומנאָרמאַלער לאַגע און דער סאָציאַלער סטרוקטור פון די ייִדישע מאַסן איז נאָך נייטיק צו ליקווידירן דורך איבערוואַנדערונג. עס זײַנען פאַראַן אויך ווייניק־קוואַליפיצירטע אַרבעטער, וועלכע וועלן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט באַקומען די מעגלעכקייט צו קוואַליפיצירן זיך און איבערקוואַליפיצירן זיך.

בײַ דער מאַסן־איבערוואַנדערונג מוז מען אויך מאָביליזירן אַ באַשטימטע צאָל פון דער ייִדישער לערניוגנט, וואָס פאַרענדיקן די מיטל־ און הויכשולן. די דאָזיקע יוגנט וועט געשיקט ווערן אַף אַרבעט אין דער נײַגעשאַפענער געגנט, ווו עס וואַקסט אַזוי שנעל דער נאָכפרעג אַף קאַדרען.

די איבערוואַנדערונג פון די ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אין דער נײַער געגנט אַרײַן קאָן מען איצט ניט מאָטיווירן מיט דער נייטיקייט צו באַהעפטן די דאָזיקע מענטשן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט. אָט דער מאָמענט איז שוין קימאַט אינגאַנצן געלייזט. די מעלוכישע באַדײַטונג פון בויען די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז צו זען פון דעם, וואָס, למשל, די בויונג פון מעטאַלורגישן קאָמבינאַט אַף דער באַזע פון בורייער קוילן און קלײנכינגאַנישן אײַזן איז פאָרויסגעזען אין די באַשטימונגען פון XVII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר. דאָס גיט אונדז די פולע מעגלעכקייט צו רופן אַהין אַ סך טויזנטער ייִדישע אַרבעטער און אַרבעטנדיקע אַף שלאָגלערישער אַרבעט. דאָס איז אַ סך אַ העכערע שטופע אין פאַרגלײַך מיט דער פריִקער אַרבעט,

ווענ עס האָט זיכ געהאַנדלט בלויז וועגנ ליקווידירנ די דעקלאַסירונג פונ דער ייִדישער אָרעמשאַפט.

פאַר יעדנ באַוווּסטזיניקנ אָנטיילנעמער אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג איז פולשטענדיק קלאָר די באַדייטונג, וואָס עס האָט פאַר אונדז די פאַרטייִדיקונג פונ ווייטנ מיזרעכ קעגנ אינטערווענצ. איינער פונ די גרונט־מאָמענטנ פונ פאַרשטאַרקנ די פאַרטייִדיקונג פונ אונדזערע ווייטמיזרעכדיקע גרענעצנ איז באַזעצנ דעמ דאָזיקנ קאַנט מיט זיכערע, אויסגעהאַלטענע מענטשנ. וואָס שטאַרקער מיר וועלנ אָפנ ווייטנ מיזרעכ, אַלצ ווייטער וועט אָפגערוקט די מילכאָמע־געפאַר. דאָס פאָדערט, אַז מיר זאָלנ אַלצ מער אונ מער אַרייַנציִענ די ייִדישע אַרבעטער אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג אויפנ ווייטנ מיזרעכ, וועלכער נייטיקט זיכ אַזוי שטאַרק אינ אַרבעט־קראַפט.

די באַשטימונג פונ דער פאַרטיי אונ פונ דער רעגירונג וועגנ שאַפנ די אויטאָנאָמע געגנט איז אפ קיינ פאַל ניט אויסגערעכנט אויפ דעמ, אַז מע זאָל דאָרטנ סטאַביליזירנ די איצטיקע לאַגע. די דאָזיקע באַשטימונג זעט פאָרויס אַ באַדייטנדיקנ וווּקס פונ דער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע וועט שפעטער אַנטוויקלענ מיט די נייטיקע טעמפנ די בויונג פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

ס'איז קיינ צווייפל ניט, אַז מע וועט האָבנ איצט אַ סאַכ מער פאַרשטאַרקנ אונדזער קאַמפ קעגנ די ייִדישע נאַציאָנאַליסטנ, ווייל זיי וועלנ געוויס פרווונ אויסנוצנ פאַר זייערע צוועקנ אַזאַ אויסערגעוויינלעכ וויכטיקנ מאָמענט אינ לעבנ פונ די ייִדישע מאַסנ, ווי דאָס שאַפנ צומ ערשטנ מאָל אינ דער געשיכטע אַ ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט. מע דאַרפ שטענדיק זיינ גרייט צו געבנ זיי דעמ געהעריקנ ווידערשטאַנד.

די קלאַסנ־פיינטלעכע שטימונגענ קאָנענ געפינענ זייער אויסדרוק אינ פאַרשיידענע פאָרמענ—אָדער אַלס בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער פרווו צו פאַרשמירנ דעמ קלאַסנקאַמפ אינ דער ייִדישער סוויווע, פאַרבייטנ אימ מיט אַנ איינהייטלעכנ נאַציאָנאַלנ פראָנט, אָדער פאַרקערט—דיסקרעדיטירנ, מאַכנ צו נישט די גאַנצע באַדייטונג פונ

דער היסטאָרישער באַשטימונג פונ אונדזער רעגירונג, טרײַבנ רעבילעס אָפּ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט און אירע דערגרייכונגענ, צודעקנדיק דאָס אַלץ מיט לינקאַטשישע פּסעוודאָ־אינטערנאַציאָנאַליסטישע פראַזעס. מיר האָבנ מיט דער גאַנצער פעסטקייט קעמפנ קעגנ די לינקאַטשישע קנייטשנ און קעגנ די נאַציאָנאַליסטישע אַרויסטרעטונגענ, ווײַל די האָזיקע בײדע פאַרקריפּלונגענ פונ אונדזער פּאָליטיר פירנ צו איינס און דאָס זעלבע: צומ פאַרקריפּלענ און אונטערײַסנ די דירעקטיוונ פונ אונדזער פּאַרטיי און רעגירונג וועגנ שאַפנ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט.

מיר האָבנ אַכטונג געבנ אָפּ דעמ, אַז דער צוגאַנג צו דער דאָזיקער פראַגע זאָל שטענדיק זײַנ אַ ריכטיקער און אַ פּאַרטייִש אויסגעהאַלטענער. די אָנווענדונג פונ דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק בנוגע די יידישע מאַסנ דאַרפ געבויט ווערנ אָפּ אינטערנאַציאָנאַלע יעסוידעס און העסקעמ מיט דער גענעראַלער ליניע פונ אונדזער פּאַרטיי.

אינ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, וווּ עס וועלנ קאָנצענטרירט ווערנ באַדײַטנדיקע קאָמפּאַקטע מאַסנ יידישע האָרעפּאַשניקעס, וועט זײַנ אַ סאַך מער מעגלעכקייטנ צו בויענ די סאָציאַליסטישע לויטנ אינהאַלט און נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרמ יידישע קולטור. דער דאָזיקער אומשטאַנד וועט פונ זײַנ זײַט פאַרגרינגערנ דאָס בײַקומענ דעמ נאַציאָנאַליזמ און אַנדערע שעדלעכע ווירקונגענ.

***

אינ דער צײַט, ווענ די ראַטנמאַכט שאַפט די יידישע אווטאָנאָמע געגנט, וואַקסט אומעטומ אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דער אַנטיסעמיטיזמ, אינ די לענדער, וווּ עס בושעוועט אָפּנ דער פאַשיזמ, לעבט די יידישע אַרבעטנדיקע באַפעלקערונג אונטער אַ שווערנ יאָך און זי איז ניט זיכער מיטנ מאָרגנדיקנ טאָג: די שטענדיקע סאַקאָנע פונ בלוטיקע יידישע פּאָגראָמענ, דאָס קעסיידערדיקע אַרויסשטויסנ די יידישע מאַסנ פונ דער פּראָדוקציע אאוו.

די ציוניסטנ נוצנ איצט אויס די צײַטווײַליקע פאַשיסטישע קאָניונקטור און רופנ די יידנ קיינ פּאַלעסטינע, אָבער די איבערוואַנדער־

רונג פונ די ייִדנ קיינ פּאַלעסטינע איז געבויט אפ א פּױלנ אימפּעריאַליסטישנ באָדנ.

בלויז אפ איינ זעקסטכיילעק פונ דער וועלט — אינ ראַטנפאַרבאַנד — איז מעגלעכ אויסשעפּנדיק לייזנ די נאַציאָנאַלע פראַגע. דאָס דאַרפ גוט געדענקענ יעדער האָרעפּאַשניק אינ פּססר, דאָס דאַרפנ וויסנ אונדזערע פריינט אפ יענער זייט פונ די ראַטנ־גרענעצנ, וועלכע אינטערעסירנ זיכ מיט אונדזערע דערגרייכונגענ.

די הויפּט־אויפגאַבע באַשטייט איצט אינ דעמ, אַז דער באַשלוס וועגנ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט זאָל ווירקלעכ ברענגענ צומ פאַרפעסטיקנ אונ פאַרברייטערנ האָרטנ אונדזער אַרבעט שוינ פונ היינטיקנ טאָג אָנ. און קעדיי מע זאָל אויספילנ אַלע איבערוואַנדערונג־ אונ בויונג־פּלענער, איז נייטיק צו פאַרשטאַרקנ די אָנפירונג פונ צענטער אונ פונ דער געגנט, מע דאַרפ שאַפנ די נייטיקע צאָל ראַיאָנענ אונ פאַרפעסטיקנ זיי מיט די געהעריקע דורכגעקאָנטראָלירטע קאַדרענ.

מיט פרייד באַגריסנ מיר דעמ היסטאָרישנ באַשלוס פונ אונדזער רעגירונג. מע דאַרפ אָבער געדענקענ, אַז דאָס לייגט אפ אונדז אַרופ א קאָלאָסאַלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די ווירקלעכ באָלשעוויסטישע טעמפּנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, וואָס דאַרפ ברענגענ צומ וויטערדיקנ עטאַפּ — צומ אַריבערוואַקסנ פונ דער אויטאָנאָמער געגנט אינ א רעפּובליק.

דער קאַנטײשער פּאַרטיי־קאָמיטעט אונ דער קאַנט־אויספירקאָמ פונ וויטנ מיזרעכ, דער בירעבידזשאַנער ראַיפּאַרטקאָמ אונ ראַיאויספירקאָמ, די ייִדישע איבערוואַנדערער אונ די גאַנצע האָרעפּאַשנע באַפעלקערונג פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, דער קאָמערד אונ דער געזערד אינ צענטער אונ אפ די ערטער, די גאַנצע פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפטלעכקייט — אַלע דאַרפנ זיכ איצט מאָביליזירנ, קעדיי גיכער אונ בעסער דורכפירנ אינ לעבנ די באַשטימונג פונ פאַרבאַנדישנ צענטראַלנ אויספיר־קאָמיטעט פונ 7־טנ מײַ וועגנ פאַרוואַנדלענ דעמ בירעבידזשאַנער ראַיאָנ אינ א ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

יאָרהונדערטער האָט זיכ די געשיכטע פונ ייִדישנ פאָלק אנ־

טוויקלט אזוי, אז עס האט ניט נאר ניט פארמאגט קיינ אייגענע מע־
לוכישקייט, נאר עס איז אלץ מער אונ מער צעשטויבט געווארנ, איינ־
גלידערנדיק זיכ אלס נאציאנאלע מינדערהייטנ אינ אנדערע נאציא־
נאל־טעריטאריעלע ארגאניזמענ.

די געזעצנ פונ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, וועלכע זיינענ
געבויט אפ דעמ, וואס די שטארקע עקספלואטירנ די שוואכע, פירנ
אומפארמיידלעכ צו נאציאנאלער אונטערדריקונג, וואס האט דעמ ציל
צו קעמפנ קעגנ די קאנקורענטנ אינ אלע געביטנ: אינ דער אינדוסט־
ריע, אינ האנדל אונ אינ פארשיידענע ארבעט־געביטנ. די נאציאנאלע
אונטערדריקונג דארפנ האבנ די קלאסנ, וועלכע זיינענ פארינטערעסירט
אינ עקספלואטאציע. זיי באמיענ זיכ אבער אפנארנ די מאסנ, צו־
געבנדיק זייער פארוואלטונגס־סיסטעמ א נאציאנאלנ כאראקטער, עס
זאל אויסזענ, אז די הערשנדיקע קלאסנ טוענ אלץ קלוימערשט אינ
נאמענ פונ די אינטערעסנ פונ גאנצנ פאלק.

די בורזשואזיע פונ די אונטערדריקטע פעלקער פאסט זיכ צו אינ
דער אדער אינ אנ אנדער פארמ צו דער אלגעמיינער לאגע אונ דער
מעלוכע, אונ די גאנצע לאסט פונ נאציאנאלנ דרוק פאלט אפ די
פאלקמאסנ, וועלכע ווערנ דאפלט אונטערדריקט — אי אלס קלאס אי
אלס נאציאנאליטעט. די אויפגאבע פונעמ פראלעטאריאט באשטייט
אינ דעמ, אז ער זאל דורכפירנ א ריכטיקע ליניע אינ דער נאציאנא־
לער פראגע, קעדיי ער זאל אינ געשטאלט פונ די אונטערדריקטע נא־
ציאנאליטעטנ האבנ זיינע טרייע פארבינדעטע, אפ וועלכע ער זאל
זיכ שטיצנ אינ זיינ היסטארישנ קאמפ פאר דער באפרייונג פונעמ
ארבעטער־קלאס אונ פונ דער גאנצער מענטשהייט.

די יידישע מאסנ האבנ אנ אלטע געשיכטע, דערהויפט אינ רוס־
לאנד, ווו זיי זיינענ דורכעסלאנג באזונדערס אכזאריעסדיק פארפאלגט
געווארנ. אבער גלייכצייטיק, אונ מיילווייז טאקע דעריבער זיינענ די
יידישע ארבעטער געווענ א באדייטנדיקער פאקטאר אינ דער רעוואַ־
ליוציע. זיי האבנ גענומענ אנטייל אינ די פאדערשטע רייענ פונ דער
רעוואליוציאנערער באוועגונג פונ זינט די באוועגונג איז אנטשטאנענ.
וועגנ דעמ זאגט אונדז אײדעס דער אנאליז פונ נאציאנאלנ באשטאנד

פונ די רעוואָליוציאָנערנ, וועלכע זײַנענ איבערגעגעבנ געוואָרנ צומ געריכט און האָבנ געהאט פּאָליטישע פּראָצעסנ, אָנהייבנדיק פונ די פּראָצעסנ פונ די באַלקיסטנ ביז די סאַמע לעצטע יאָרנ פונ צאַריזמ. עס איז ווערט אָנצווײַזנ, למשל, אַז דער פּראָצענט ייִדנ מיטגלידער פונ דער געזעלשאַפט געוועזענע פּאָליט־קאַטאָרזשאַנעס און פאַרשיקטע באַטרעפט 25, בײַמ אינ דער באַפעלקערונג פונ פּסר באַטרעפט דער פּראָצענט ייִדנ בלויז 4; אינ דער געזעלשאַפט אַלטע באָלשעוויקעס איז פאַראַנ בערעכ 10 פּראָצ. ייִדנ. די דאָזיקע פאַקטנ באַווײַזנ קלאָר, אַז די ייִדישע אַרבעטער, און טײלווײַז די ייִדישע האָרעפּאַשנע אינטעליגענצ, האָבנ געענטפערט אויפנ נאַציאָנאַלנ דרוק מיט א פאַרשטאַרקטנ רעוואָליוציאָנערנ קאַמפּ.

איצט דערמאָנט זיכ באַזונדערס שאַרפּ די אויסערגעוויינלעכע רעכטלאָזיקײַט פונ די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסנ אינ דער פאַרגאַנגענהײַט, ווענ מע האָט פאַר זיי געשאַפנ א ספּעציעלנ „טכומ“, פונ וואַנענ מע האָט זיי ניט אַרויסגעלאָזט אינ די איבעריקע טיילנ פונ רוסלאַנד, ווענ זיי האָבנ ניט געהאַט קיינ צוטריט אינ דער אינדוסטריע און לאַנדווירטשאַפט. די ייִדישע אַרבעטנדיקע האָבנ געטראָגנ א באַזונדערנ שטעמפּל: אינ זייערע דאָקומענטנ פלעגט מענ אונטערשטרײַכנ זייער רעכטלאָזיקײַט אָנווײַזנדיק: „וווינענ דאָרטנ, ווו ייִדנ איז דערלויבט“. אינ טאָכ אָבער איז זיי געווענ דערלויבט בלויז צו שטאַרבנ פונ הונגער, און אַזוי ווי זיי האָבנ ניט געוואָלט שטאַרבנ, האָבנ די בעסערע עלעמענטנ פונ די ייִדישע אַרבעטנדיקע געטאָנ אַזוינס, וואָס איז ניט געווענ „דערלויבט“, דאָס הייסט, זיי האָבנ אָנטייל גענומענ צוזאַמענ מיט די אַרבעטער פונ די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטנ אינ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג.

דער אַנטיסעמיטיזמ איז געווענ איינער פונ די ווינקל־שטיינער אינ דער אידעאָלאָגיע פונ צאַריזמ און פונ יענע קלאַסנ, אויפ וועלכע ער האָט זיכ געשטיצט. דער אַנטיסעמיטיזמ האָט עקזיסטירט ניט בלויז אינ רוסלאַנד, נאָר אויכ אינ אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווו ער ווערט פּראַקטיקירט אויכ איצט. די דײַטשישע פאַשיסטנ באַווײַזנ אינ דער פּראַקטיק, אַז זיי זײַנענ די פאָרזעצער פונ דער אַנ-

טיסעמיטישער פּאָליטיק פונ לעצטנ צאר ניקאָלײ ראָמאַנאָװ. זײ באַמיִענ זיכ אפילע אײמ איבערשטײגנ, זײ סטאַרענ זיכ, אז די טראַגידיע פונ די פּעריאָדישע פּאָגראָמענ אינ קישענעװ, אָדעס אד״ג. זאָל אויסזענ װי א קינדער־שפּיל אנטקעגנ די שטענדיקע פּאָגראָמענ, װאָס די פאשיסטנ מאכנ אפ די יידישע ארבעטנדיקע, װעלכע געפינענ זיכ אונטער זײער מאכט. דער אנטיסעמיטיזמ אונ דער נאציאָנאַלער דרוק פארשטארקנ זיכ אינ אלע קאפּיטאליסטישע לענדער.

אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ, װאָס נאָכ דער יאָריקער דערפאָרונג פונ זײער רעגירנ האָבנ די פאשיסטנ באַװיזנ, אז אלע זײערע צוזאָגנ זײנענ געװענ א בלאָפ, אז קײנ אײנ ערנסטע מעלוכע־פּראָבלעמ איז אפ א האָר ניט געלײזט, נאָר פארקערט, דאָס לעבנ װערט אלצ טײערער, עס װערנ אלצ גרעסער די שװעריקײטנ ניט נאָר פונ פּאָליטישנ, נאָר אויכ פונ עקאָנאָמישנ כאראקטער, — האָבנ די פאשיסטנ אָנגעהויבנ פירנ א שטארקערע אנטיסעמיטישע קאָמפּאניע, זײ העצנ קעגנ די יידנ, אז די יידנ זײנענ קלוימערשט שולדיק אינ די פאשיסטישע מאפּאָלעמ.

די ענגלישע פּרעסע האָט דאָ ניט לאנג געשריבנ װעגנ די לעצטע אויסערגעװײנלעכ שארפע אנטיסעמיטישע ארויסטרעטונגע פונ די פאשיסטישע לידערס, באזונדערס פונעמ פּראָפּאגאנדע־מיניסטער געבעלס. דעמ 13־טנ מײ איז געבעלס ארויסגעטראָטנ אינ בערלינער ספּאָרט־פּאלאס מיט א רעדע קעגנ דער קריטיק פונ דער עקאָנאָמישער פּאָליטיק פונ היטלערס פאשיסטישער רעגירונג. ער האָט געפּרוװט דערקלערנ די עקאָנאָמישע שװעריקײטנ אונ די קאטאסטראָפישע פינאנציעלע לאגע מיטנ בויקאָט פונ די דײטשישע סכוירעס, אינ װעלכנ, װי ער האָט געזאָגט, עס זײנענ שולדיק די דײטשישע יידנ. די דראָונגענ קעגנ יידנ האָבנ אינ זײנ רעדע פארנומענ א גרויס אָרט. די פאשיסטישע רעגירונג האלט אפּאָנעמ, אז מיט דער הילפ פונ א נײער אנטיסעמיטישער כװאליע װעט זײ געלינגענ צו פארשטארקנ די שאָװיניסטישע שטימונגענ אונ װענדנ די אלגעמײנע אומצופרידנקײט ניט קעגנ די פאשיסטנ, נאָר קעגנ יידנ.

דערמיט דערקלערט זיכ אויכ דער אויסשליסלעכער פאקט, װאָס

אינ אַ ספּעציעלנ נומער פונ דער צײַטונג „שטורמער“, וועלכע עס לאָזט אַרויס איינער פונ די אָנגעזעענע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע לידערס שטרײַכער, איז איבערגעכאַזערט געוואָרנ דער בלוט־בילבול אויפ ייִדנ. די דאָזיקע העצע ווערט אויפגעהויבנ אינ שטרײַכערס אָרגאַנ ניט נאָר טעאָרעטיש, נאָר עס ווערנ פּראַקטיש צוגעגרייט געריכט־פּראָצעסנ קעגנ ייִדנ, ענלעכ צום בייליס־פּראָצעס (אינ קיעוו, 1913 יאָר). אפילע די בורזשואַזע פּרעסע אינ ענגלאַנד, אינ געשטאַלט פונ „אָבסערווער“, קאָנסטאַטירט, אַז פונ שטרײַכערס בלאַט שמעקט מיט בלוט אונ אַז „די דאָזיקע נעצ פונ ליגנס אונ העצע איז, ווי עס ווײַזט אויס, אַ צוגרייטונג צו ייִדישע פּאָגראָמענ“. דער „טײַמס“ שרײַבט, אַז דער „שטורמער“ מיט זײַנע בלוט־בילבולימ קעגנ ייִדנ איז אויפגענומענ געוואָרנ אינ דער גאַנצער וועלט מיט צאָרנ. אויב דער דאָזיקער מיטלאַלטער וואָלט פּראָפּאַגאַנדירט געוואָרנ אינ עפּעס אַ צווייטראַנגיקער צײַטונג, וואָלט מענ עס געקאָנט באַטראַכטנ בלויז פונ פּסיכאָלאָגישנ שטאַנדפּונקט, אָבער בײַ דער לאַגע, וואָס דער רעדאַקטער פונ דער דאָזיקער צײַטונג פאַרנעמט אינ דער פאַשיסטישער אָנפירונג, באַקומט די געשיכטע גאָר אַנ אַנדער באַדײַטונג.

דער „טײַמס“ וואָרנט די דײַטשישע רעגירונג, אַז איר טאָלעראַנטע באַציִונג צו די מיטלאַלטערלעכע אינסינואַציעס קאָנ ברענגענ גרויס שאָדנ דײַטשלאַנדס רעפּוטאַציע, אָפּגערעדט שוינ וועגנ דעמ, וואָס עס קענ פירנ צו גוואַלדטאַטנ.

מיר נעמענ זיכ דאָ ניט אָפּשאַצנ, אויפ וויפל דער „טײַמס“ איז דאָ אויפריכטיק. אָבער זײַנ אַרויסטרעטונג באַווײַזט, אַז די לאַגע איז אַנ ערנסטע. די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע ווערט געפירט פּאַראַלעל מיטנ פאַרשטאַרקנ די קאַמפּאַניע קעגנ די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער אינ דײַטשלאַנד, פּאַראַלעל מיטנ צוגרייטנ דעמ געריכט־מאָרד איבערנ באַווער טעלמאַנ, פּאַראַלעל מיטנ צוגרייטנ די נײַע אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע קעגנ ססר פאַר פאַרכאַפּנ די מײַרעוו־טעריטאָריעס פונ אונדזערע פאַרבאַנדישע רעפּובליקנ.

נאָר אינ לאַנד פונ די ראַטנ, אינ לאַנד פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, וווּ מע האָט געמאַכט אַ סאָפ צו דער סיסטעמ פונ

עקספלואטירנ אינ מענטשנ דורכנ צווייטנ, און אפ שטענדיק ליקווי־ דירט געווארנ אויכ דער נאציאנאלער דרוק און די אומגלייכהייט.

***

אייניקנ נאכ דער אקטיאבער־רעוואליוציע איז געשאפנ געווארנ דער „קאמיסאריאט פאר יידישע נאציאנאלע איניאנימ", איז באַ־ שטאנד פונ פאלקאמנאצ, וואס אינ דער שפיצ פונ אימ איז געשטא־ נענ דער כאווער סטאלינ. פונ די ערשטע כאדאשימ אנ נאכ דער רע־ וואליוציע איז אלס א מעלוכישע אויפגאבע געשטעלט געווארנ די פרא־ גע וועגנ צוציִענ די יידישע ארעמשאפט צו פראדוקטיווער ארבעט. אלס יידישער קאמיסאר האב איכ ארויסגערוקט די אויפגאבע צו אר־ גאניזירנ יידישע פראדוציר־ארטעלנ און לאנדווירטשאפטלעכע ארטעלנ.

די ערשטע טריט אינ דער ריכטונג זיינענ געמאכט געווארנ נאכ אינ 1918 יאר, אבער דער בירגערקריג און די בלוטיקע פאגראמענ פונ די ווייסע גענעראלנ האבנ פארניכטעט די ערשטע יידישע ארטעלנ, וועלכע מיר האבנ שוינ געציילט פאר דער קורצער צייט איבער הונ־ דערט. אינ 1924 יאר איז געשאפנ געווארנ דער קאמערד (קאמיטעט צו איינארדענענ די יידישע ארבעטנדיקע אפ ערד באמ ציק פונ פססר) און אינ 1925 יאר איז מיטנ זעלביקנ צוועק געשאפנ געווארנ דער געזערד.

דער ערשטער פעריאד פונ דער ארבעט איז געווענ באזונדערס שווער: עס איז אויסגעקומענ צו נעמענ מענטשנ, וואס זיינענ גאר ניט געווינט געווענ צו לאנדווירטשאפטלעכער ארבעט און מאכנ פונ זיי ערדארבעטער אינ אזעלכע ערטער, ווו די לאנדווירטשאפט פאדערט א גאנצ היפשע אנשטרענגונג. די דערפארונג האט אבער באוויזנ, אז בא א גוטער אנפירונג ווערנ די יידישע הארעפאשניקעס גוטע ערדאר־ בעטער. באזונדערס האבנ אינ דעמ פראט מיטגעהאלפנ די קאלעקטיווע ווירטשאפט־פארמענ. ניט געקוקט אפ באדייטנדיקנ אפפלוס צווישנ די יידישע איבערוואנדערער, האט מענ פונדעסטוועגנ צוגעקליבנ פעסטע קאדרענ, וואס האבנ זיכ ארויסגעוויזנ פאר גאנצ שטאנדהאפטיקע.

נאכ פיר יאר ארבעט פונ קאמערד און געזערד אפ אוקראינע און

אינ קרימ האָט דער פּרעזידיומ פונ ציק פססר דעמ 28-טנ מאַרט 1928 יאָר אויסגעטיילט פאַר דער ייִדישער איינוואַנדערונג דעמ בירעבידזשאַנער ראַיאָנ. דער פּרעזידיומ פונ ציק האָט געהאַט אינ זינ, אַז דאָרטנ זיינענ פאַראַנ קאָלאָסאַלע פרייע ערד-מאַסיווג אונ גרויסע נאַטירלעכע רייכטימער, אונ אַז אויב די ייִדישע איינוואַנדערונג וועט געבנ גינסטיקע רעזולטאַטנ, קאָנ דער דאָזיקער ראַיאָנ פאַרוואַנדלט ווערנ אינ אַ ייִדישנ אווטאָנאָמענ אייננס.

בירעבידזשאַנ איז אַ נית באַוווינטער ראַיאָנ מיט אַ קאָלאָסאַלער טעריטאָריע פונ 7.889 טויזנט הא, באַדעקט מיט ווערטפולנ וואַלד, מיט אַ גוטער ערד, וואָס פאָדערט אָבער מעליאָראַציע, אויסקאָרטשעווענ וואַלד, אונ מיט פאַרהעלטנישמעסיק נית קיינ גרויסע צוויערייטע ערד-מאַסיוונ. מע דאַרפ מודה זיינ, אַז די ערשטע איבערוואַנדערער קיינ בירעבידזשאַנ האָבנ נית געהאַט קיינ פאָרשטעלונג וועגנ די שוועריקייטנ, וועלכע זיינענ דאָרט פאַראַנ. דאָס האָט געבראַכט צו אַ היפּשנ אָפּפלוס, אָבער די שטאַרקערע זיינענ פאַרבליבנ אונ האָבנ זיכ פאַרפעסטיקט, אונ זיי האָבנ מיר עס צו פאַרדאַנקענ די דערפאָלגנ.

פונ די איבערוואַנדערער, וואָס מע האָט געשיקט קיינ בירעבידזשאַנ, איז דאָרט פאַרבליבנ בלויז אַ העלפט. די איבעריקע זיינענ אַרויסגעפאָרנ מערסטנס אינ די שטאָטישע צענטערס פונ ווייטנ מיזרח, לעמאָשל, קיינ כאַבאַראָווסק, וולאַדיוואָסטאָק, בלאַגאָוועשטשענסק אאַוו. אַ טייל האָט זיכ אומגעקערט צוריק. פאַר דער לעצטער צייט האָט זיכ דער אָפּפלוס פונ די איבערוואַנדערער שטאַרק פאַרקלענערט, ווייל די אַרבעטס-אונ די שטייגער-באַדינגונגענ האָבנ זיכ באַדייטנדיק פאַרבעסערט, ס'איז בעסער אויסגעשטעלט די וווינונג-בויונג, אונ די אָנגעקומענע איבערוואַנדערער ווערנ באַזאָרגט מיט אַ מינימאַלנ וווינונג-שטעל. דערנאָכ געפינענ זיי אַ מעגלעכקייט זיכ איינאָרדענענ בעסער. אַ באַדייטנדיקער איבערבראָכ איז אויכ פאַראַנ אינ געביט פונ באַזאָרגנ די איבערוואַנדערער מיט דערנערונג.

דער באַשלוס פונ ציק פססר פונ 7-טנ מיי 1934 יאָר וועגנ שאַפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז אָנגענומענ געוואָרנ אינ אַזאַ מאָמענט, ווענ פססר האָט זיכ אויפגעהויבנ אַפ זייער אַ הויכנ ווירטשאַפט-

לעבן, פּאָליטישן און קולטורעלן ניוואָ, ווען די גאַנצע וועלט איז געצוואונגען צו אנערקענען אונדזערע ריזיקע דערגרייכונגען, ווען בײַ אונדז איז אויסגעבויט געוואָרן און ס'האָט זיך פאַרפעסטיקט דער פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווען דער סאָציאַליזם האָט בײַ אונדז ענדגילטיק געזיגט אין שטאָט און אין דאָרף, די אינדוסטריאַליזאַציע אנטוויקלט זיך בײַ אונדז מיט הויכע טעמפּן, די שווערע מעטאַלורגיע און די קוילן־אינדוסטריע, וועלכע זײַנען פריִער געווען הינטערשטעליק אין פראַט פון אויספילן זייער פּלאַן, האָבן זיך שטאַרק א רוק געטאָן פאָרויס, אפילו דער טראַנספּאָרט, וועלכער האָט א לאַנגע צײַט שטאַרק געהונקען, האָט זיך גענומען רירן פאָרויס און דערנענטערט זיך שוין צום אויספילן זײַנע מעסלועס־פּליענער. די פּאַרטיי־קאַמפּאַניע איז דורכגעגאַנגען מיט א גרעסערן דערפאָלג, איידער אפילו אין פאַריקן רעקאָרד־יאָר.

די שאָלעם־פּאָליטיק פון פססר גיט גלענצנדיקע רעזולטאַטן. זי שטעלט אוועק אונדזער לאַנד אויף די אַנטשיידנדיקע פּאָסטנס אין קאַמף פאַרן שאָלעם. אונדזער לאַנד איז איינע פון די גרעסטע מעלוכעס, וואָס שפּילט א גרויסע ראָליע אין דער צווישנפעלקערלעכער פּאָליטיק, די מעכטיקייט און שלאַכטפעיִקייט פון דער רויטער אַרמיי איז אויפגעהויבן געוואָרן אויף זייער א הויכן ניוואָ. די קולטור־רעוואָלוציע אינעם לאַנד פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור מאַכט איין דערגרייכונג נאָך דער צווייטער. זי גרייט צו קאָלאָסאַלע קאַדרען אויף צו פאַרענדיקן די בויונג פון דער קלאַסנלאָזער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט ביזן סאָף פון צווייטן פינפיאָר. מיר לעבן אויס אין באַוווּסטזײַן פון די מענטשן די רעשטן פון דער אידעאָלאָגיע פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, מיר ליקווידירן די אָפּגעשטאַנענקייט פון די געוועזענע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן בײַם ליקווידירן די אָפּגעשטאַנענקייט פון די נאַציאָנאַליטעטן און אויסלעבן אין באַוווּסטזײַן פון די מענטשן די רעשטן פון קאַפּיטאַליזם איז שאַפן מ ע נ ט ש ן  פ ו ן  א  נ ײַ ע ם  ט י פּ צווישן די געוועזענע אונטערדריקטע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס דאַרפן ענדגילטיק אויסלעבן דעם באַזונדערן שטעמפּל, וואָס עס האָט

אַפ זיי אַרופגעלייגט דער רעזשימ פונ פּאַרישנ דורעסדיקנ נאַציאָ-נאַלנ דרוק.

בענעגייע די ייִדישע אַרבעטנדיקע אינ פּססר דאַרפנ מיר דעמ דאָ-זיקנ מאָמענט באַזונדערס דיסקאַנטירנ, ווײַל דער אויסשליסלעכער נאַ-ציאָנאַלער דרוק, וועגנ וועלכנ מיר האָבנ פריער גערעדט, דער אַנטיסע-מיטיזמ, אונ די פּאָגראָמענ האָבנ זיכ געמוזט אָפּרופנ אַפ זייער פּסיכאָ-לאָגיע, אַפ זייער פיזיאָלאָגישער אונ קולטורעלער אַנטוויקלונג. ס'איז פאַרשטענדלעכ, אַז דער גראַד ווירקונג, וואָס די דאָזיקע פאַקטאָרנ האָבנ געהאַט, איז פאַר די פאַרשיידענע שיכטנ אונ גרופּעס פונ דער ייִדישער באַפעלקערונג געווענ אַ פאַרשיידענער. אָבער די ווירקונג פונ דער ייִדי-שער „געטאָ", די געצוווּנגענע אָפּגעזונדערטקייט האָט זיכ אָנ צווייפל אָפּגעשפּיגלט אַפ די ייִדישע מאַסנ אינ אַ גרויסער מאָס.

אינ פּססר, בײַ דער ראַטנמאַכט, ווערט געשאַפנ אַ נײַער טיפּ מענטש, אָדער ריכטיקער געזאָגט, אַ מ ע נ ט ש פ ו נ אַ ב אַ ש ט י מ ט נ ס אָ וו ע ט י ש נ ט י פּ, וואָס האָט זיכ באַפרײַט פונ דער ירושה פונ דער פאַרגאַנגענהײַט. דעמ דאָזיקנ פּראָצעס קאָנ מענ זייער רעליעפ נאָכשפּירנ אויכ אַפ די ייִדישע אַרבעטנדיקע, באַזונדערס דאָרטנ, ווו זיי געפינענ זיכ אינ אַ קאָמפּאַקטער מאַסע אונ דערבײַ אינ אַבסאָליוט נײַע באַדינגונגענ, ווי אַשטייגער אינ די ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלעקטיוונ; דאָרטנ איז גלײַכ קענטיק, אַז עס האָט זיכ אויסגעאַרבעט אַ נײַער טיפּ מענטש ניט נאָר פיזיש, נאָר אויכ גײַסטיק. ס'איז גע-מאַכט געוואָרנ אַ סאָפ צו אַלע ירושה-קרענק. אָנשטאָט עקסצענטריש-קײַט, וואָס פלעגט זיכ אָפט באַגעגענענ, זעענ מיר-אַ געזעצטנ, סאָלידנ מענטשנ, וואָס אַרבעט שלאָגלעריש, אָנ קעסיידערדיקער אײַלעניש, אָנ איבעריקנ געפּילדער, אַ מונטערער, אַ זיכערער אינ זיכ אונ אינ זײַנ אַרבעט. דאָ האָבנ מיר פאַר זיכ אַ מענטש, וואָס טראָגט ניט אַפ זיכ דעמ יאָכ פונ דער טויזנטיאָריקער ירושה מיט אַלע אירע פאָלגנ. דער דאָזיקער מענטש איז ענג פאַרבונדנ מיטנ נײַעמ לעבנ, וואָס ווערט גע-ציילט אינ „פינפיאָרנ". דאָס פאָלק האָט זיכ ווי „פאַריינגערט", עס לעבט מיט אַ נײַעמ יונגנ לעבנ, עס לעבט ניט מיט דער פאַרגאַנגענהײַט, נאָר פאַרקערט, מיט דער געגנוואַרט אונ נאָכ מער מיט דער צוקונפט.

א פאלק, וואס האט איצט אנ אייגענע יידישע אווטאנאמע געגנט אינ באשטאנד פונ פססר. עמעס, די דאזיקע געגנט דארפ מענ נאכ באדייַטנדיק פארפעסטיקנ, דערנאכ אויסבאווענ, אויסהאדעווענ אנ אווטאנאמע רעפובליק, וועלכע וועט דאנ פארנעמענ א בעקאוועדיק ארט צווישנ אירע אלטע ראטנ־שוועסטער. די יונגע יידישע געגנט פארמאגט אזעלכע קאלאסאלע מעגלעכקייַטנ אינ פראט פונ אירע רייַכטימער־רעסורסנ, וועלכע פאדערנ דרינגענדיק באפרוכפערונג דורכ ארגאניזירטער שעפערישער ארבעט. אונ די דאזיקע שעפערישע ארבעט וועט באלויַנט ווערנ פונ די מעטאל־אויצרעס, קוילנ־אויצרעס אונ אנדערע, וועלכע ליגנ פארבארגנ שוינ טויזנטער יארנ אינ אינגעווייד פונ דער ערד. די ערשטע פרווונ זייַנענ שוינ געמאכט געווארנ. די יידישע אווטאנאמע געגנט האט שוינ באקומענ א לויב־אטעסטאט. איצט פאדערט זיכ ריכטיק ארגאניזירנ דאס באהערשנ די רייַכטימער.

די יידישע אווטאנאמע געגנט שאפט איצט אירע אנ אייגענע דערנערונג־באזע. דער פארזייִשעטעכ האט זיכ דארטנ פונ 1926 יאר פארגרעסערט אפ 150 פראצ. אונ באטרעפט 31 טויזנט הא. דערצו איז די געגנט אפ 10 יאר באפרייַט פונ אפליפערנ ברויט דער מעלוכע. א גרויסע באדייַטונג האט דארטנ די גערטנערייַ, וועלכע האט זיכ אנגעהויבנ אנטוויקלענ. יעדע אונטערנעמונג האט איר גארטנ, אונ די ארבעטער — אייגענע אינדיווידועלע גערטנער, וועלכע זייַנענ א גרויסע שטיצע פארנ דערנערונג־באלאנס פונ דער געגנט.

די קולטורעלע אנטוויקלונג פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט גייט מיט ריזיקע טעמפנ. דארטנ זייַנענ שוינ פאראנ בא 100 שולנ, צוויי טעכניקומס, 1 וויסנשאפטלעכ־אויספארשערישער אינסטיטוט, 40 פאליט־אופקלערערישע אנשטאלטנ, עטלעכע שולנ פונ דער צווייטער שטופע אונ צוויי 10־יאריקע שולנ, 19 קינדער־גערטנער, 6 קלובנ, 7 רויטע ווינקלענ, 2 געגנטלעכע צייַטונגענ אונ 3 צייַטונגענ פונ די פאליט־אפטיילנ בא די ראטווירטנ אונ מטס. אינ צענטער איז פאראנ א הייפשע ביבליאטעק, א שפיטאל, אינ ראיאנ — א רייִ מעדיצינישע פונקטנ. די לעצטע טעג האט זיכ דארטנ געעפנט א יידישער טעאטער, וואס האט א גרויסע קולטורעלע באדייַטונג.

די אַלגעמיינע פערספעקטיוו פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זײַנענ זייער גרויס, ווײַל זי פאַרמאָגט קאָלאָסאַלע נאַטור־רײַכטימער, וועלכע וואַרטנ נאָר אַפ געניטע מענטשלעכע הענט, אַפ גוטע אָנפירער און אָרגאַניזאַטאָרנ, וואָס קענענ אויסנוצנ אַלצדינג, וואָס די געגנט פאַרמאָגט. די געגנט האָט 4 מיליאָנ העקטאַר וואַלד, וואָס קאָנ גיינ פאַר עקספאָרט. אינ די וועלדער איז פאַראַנ אַ סאַכ פוטערוואַרג־חיות, דערונטער פוקסנ, בערנ, סויבלענ און אַ סאַכ אַנדערע, וואָס גיבנ ווערט־פולנ פוטערוואַרג. אינ די וועלדער איז פאַראַנ אָנ אַ שיר יאַגדעס. דאָס איז אויכ אַ גרויסע הילפ פאַר דער דערנערונג פונ דער באַפעלקע־רונג און ס'האָט אויכ אַנ אינדוסטריעלע באַדײַטונג. די טײַכנ פאַרמאָגנ אַ סאַכ פיש.

אינ דער ערד פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זײַנענ פאַראַנ אָנ אַ שיר רײַכטימער. אויסער דעמ ארויסבאַקומ פונ גאָלד אינ די בערג פונ קליינעמ כינגאַנ, האָט זיכ דאָרטנ ארויסגעוויזנ בײַ אַ האַלבנ מי־ליאַרד טאָנ אײַזנערצ. די רעגירונג האָט דעריבער באַשלאָסנ אויסבויענ אַ זאַוואָד, וואָס דאַרפ געבנ בײַ אַ זעקס הונדערט טויזנט טאָנ מעטאַל אַ יאָר. די ערשטע פופציק טויזנט טאָנ וועט מענ באַקומענ שוינ אינ 1937 יאָר. קוילנ איז פאַראַנ אינ געגנט גופא און בײַ שכנים ליגט דער באַרימטער קירמאַ־בורייִשער קוילנבאַסיינ.

עס זײַנענ פאַראַנ קאָלאָסאַלע זאַפאַסנ גראַפיט, מירמלשטיינ, פאַר־שיידנאַרטיקסטע בוימאַטעריאַלנ. ס'איז אויסגעבויט אַ וואַפנע־זאַוואָד, אַ רעמאָנט־זאַוואָד, ציגל־זאַוואָדנ, פאַבריקנ פונ בוי־דעטאַלנ, אַ ניי־פאַבריק. עס זײַנענ אָרגאַניזירט געוואָרנ בײַ אַ צוואַנציק פאַרשיידענע אַפעראַטיווע געווערב־אַרטעלנ, אַנ עלעקטרישע סטאַנציע אאַז.

דער קלימאַט אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז ביז גאָר אַ געזונטער. קיינע אָרטיקע ספעציפישע קראַנקײַטנ, ווי דאָס טרעפט אַמאָל אינ אַנדערע ערטער, זײַנענ ניטאָ.

אַ באַזונדערע באַדײַטונג האָט דער ווערטפולער קוראָרט „קולדור", וואָס געפינט זיכ אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט („קולדור" באַ־דײַט אַפ דער שפראַכ פונ די צאָפנפעלקער — „הייסער קוואַל"). דאָס שוועבלזויער־וואַסער פונ דאָזיקנ קוראָרט האָט אַ טעמפעראַטור, וואָס

דערגייט ביז 71 גראד. אזא וואסער מיט אזא טעמפעראטור טרעפט זיכ זייער זעלטנ. דער דאזיקער קוראָרט האָט נאָכ אינ 1931 יאָר געפייערט זיינ 10-יאָריקנ יובילײ. אינ קולדור זיינענ פאראנ פיר סאנאטאָריעס מיט 350 בעטלעכ, וואנעס, א לאבאָראטאָריע, א רענטגענ-קאבינעט, עלעקטרישע היילונג א״אוו.

קולדור ווערט דערווייל אויסגענוצט נאָר טיילווייז. זיינע 10 הייסע שוועבלזויער-קוואלנ קאָנענ דורכלאָזנ א יאָר 30 טויזנט קראנקע. דער דאזיקער קוראָרט איז, לויט זיינע היילונג-אייגנשאפטנ, ענלעכ אפ פיאַטיגאָרסק. אינ קולדור היילט מענ פונ רעוומאטיזמ, פונ אָרגאנישע נערוונ-קראנקייטנ, פונ פרויענ-קראנקייטנ, פונ ווענערישע קראנקייטנ, פונ ביינער-טובערקוליאָז אונ פאָדאגרע.

דער אלגעמיינער וווּקס פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אונ איר אנטוויקלונג מיט מער גיכערע טעמפנ וועט זיכ אָפּרופנ אפנ פאַרפולקומענ דעמ דאָזיקנ מערקווירדיקנ קוראָרט, וואָס האָט א גרויסע באַדייטונג ניט נאָר פאר דער געגנט, נאָר אויכ פארנ גאנצנ ווייטנ מיזרעכ. מע דאַרפ וואָס גיכער פאַרגרינגערנ דעמ צוטריט פונ די אַרבעטנדיקע קיינ קולדור, כאָטש מיט דעמ, וואָס מע זאָל מאכנ גרינגער דורכצופאָרנ דעמ מעהאלעכ פונ 34 קילאָמעטער, וואָס טיילט אימ אָפּ פונ דער אייזנבאנ-סטאנציע: מאכנ א געהעריקנ שאָסיי-וועג אונ איינשטעלנ אנ אווטאָבוס-פארקער.

***

מע קאָנ זיינ זיכער, אז די ווייטערדיקע איבערוואנדערונג אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט וועט גיינ מיט א סאכ גיכערע טעמפנ, אונ די קאָלאָסאלע אופנעמפייִקייט פונ דער דאזיקער געגנט וועט פאַרפולט ווערנ מיט ענטוזיאסטנ פונ דער סאָציאליסטישער בויונג אפנ ווייטנ מיזרעכ, וואָס וועלנ בויענ אינצייטיק זייער אווטאָנאָמע געגנט. די אָנטיילנעמער פונ דער דאזיקער בויונג זיינענ ניט נאָר ייִדישע איבערוואנדערער פונ ססר: פונ אוקראינע, ווייסרוסלאנד, מיירעוו-געגנט א״א., נאָר אויכ איבערוואנדערער פונ אויסלאנד. אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זיינענ פאר די לעצטע יאָרנ געקומענ צו פאָרנ הונדערטער ייִדישע אַר-

בעטער פונ אמעריקע, פוילנ, ליטע, פראנקרײַכ, לעטלאנד או״א. אהער ציט
זיי צו די קאָלאָסאלע ערד־שעטעכנ, וואָס פארמאָגנ אלע רײַכטימער,
וואָס זײַנענ נייטיק דעמ מענטשנ, ער זאָל קאָנענ גליקלעכ לעבנ אינ
דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט פונ זײַנ קאָלעקטיווער מעכאניזירטער
ארבעט. דאָ קאָנ מענ שטעלנ צו דינסט דער מענטשלעכער געזעלשאפט
אלע קויכעס פונ דער נאטור אונ פונ דער טעכניק.

אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, לעמאָשל, אינ ענגלאנד קומט אויס
אפ איינ קוואדראט־קילאָמעטער 250 מאנ (אונ אינ דער ייִדישער אווטאָנאָ־
מער געגנט—0,6 מאנ). דאָס איז בלויז א רעזולטאט פונ די ווידערשפרוכנ
אינ דער קאפיטאליסטישער וועלט. יעדע אימפעריאליסטישע מעלוכע
שטרעבט צו פארכאפנ וואָס מער טעריטאָריעס. אויב זי קאָנ זיי אליינ
ניט אויסנוצנ, איז זי צופרידנ דערמיט, וואָס זי לאָזט אנדערע זיי ניט
אויסניצנ. קאפיטאלנ ווערנ ארײַנגעלייגט בלויז אהינ, ווו זיי גיבנ דעמ
קאפיטאליסט א גרעסערנ רעווע. דאָס פירט צו א גוואלדיקער קאָנ־
צענטראציע, צו אנ ענגשאפט, צומ צונויפזאמלענ א גוואלדיקע צאָל
מענטשנ אפ א קליינעמ שטעכ אינ די סאמע ניט צוגעפאסטע ערטער.
די מענטשנ ווערנ דאָ געבראכט פאר א קאָרבנ צומ קאפיטאל, אונ אינ
דער זעלבער צײַט זײַנענ פאראנ געגנטנ, וועלכע זײַנענ פוסט
אונ וויסט.

קאָלזמאנ דער סאָציאליזמ האָט געזיגט בלויז אינ איינ זעקסטל פונ־
נעמ ערד־קײַלעכ, אינ פססר, קאָלזמאנ דעמ פססר דראָעט קעסיידער אָנ אָנ־
פאל מיצאד דעמ אימפעריאליזמ, וואָס איז אינ אלע לענדער באוואָפנט
פונ קאָפ ביז די פיס, איז זייער שווער גלײַכ צו באפרײַענ זיכ פונ דער
שווערער ירושע, וואָס די קאפיטאליסטישע וועלט האָט איבערגעלאָזנ דעמ
פראָלעטאריאט, נאָר א קאָלאָסאלער שריט איז שוינ געמאכט. דער לאָקאָ־
מאָטיוו פונ דער רעוואָליוציע אײַלט פאָרויס מיט א גוואלדיקער קראפט
אונ געשווינדקײַט, אונ דאָ ווערנ ארײַנגעצויגנ אינ שעפערישנ לעבנ
נײַע מענטשנ־שיכטנ, וואָס זײַנענ געווענ דערשלאָגנ, פארוואָרפנ, וואָס
האָבנ געקוואָרט גײַסטיק אונ פיזיש, וואָס זײַנענ פארווילדעוועט געוואָרנ
אונ האָבנ געשמאכט אונטערנ נאציאָנאלנ יאָכ. די דאָזיקע שיכטנ לעבנ
אופ צו א נײַ אינדוסטריעל לעבנ. פארוואָרפענע ראיאָנענ, געגנטנ אונ

קאנטנ ווערנ פארגעשריטענע אונ אנפירנדיקע. פריִער האט מענ די דא-זיקע טעריטאריעס געהאלטנ אינ א פארלאזענעמ צושטאנד, מע האט זיי פארוואנדלט אינ פארשיקונג-ערטער, אונ מע האט דארט ניט גע-זענ קיינ סימאנימ פונ מענטשלעכער קולטור. דער סימבאל פונ די דא-זיקע ראיאנענ איז געווענ דער בער מיט זיינ זעקס-כאדאשימדיק-שלאפ, וואס האט זיינ באשרענקטנ „טכומ" אונ זיינ באשרענקטנ ביי-ישנ האריזאנט.

פססר שאפט א נייע קראפט, וואס שפיגלט אפ דעמ ווילנ פונ די נייע מענטשנ. דארטנ אינ סיביר, ווו עס האט געלעבט דער „טשאל-דאנ", ווי עמ פלעגנ מיט ביטל אנרופנ דעמ ארטגעבוירטיקנ סיבי-ריאק די אנגעקומענע אייראפייער, איז איצט אופגעקומענ א נייער מענטש — דער קוזבאסעוועצ, וואס פארמעסט זיכ מיט די גרעסטע אינדוסטריעלע גיגאנטנ אינ דער וועלט, וואס איז זיכער אינ זיינ ני-צאכנ. דער דאזיקער נייער מענטש, דער בויער פונ סאציאליזמ, האט בעדייע אופגעהויבנ אפנ מיזרעכ א גרויסע אינדוסטריע, שאפנ דארטנ א דריטע קוילנ- אונ מעטאלורגיע-באזע בא די טויערנ פונ צאפנדיקנ אקעאנ — אינ אלדאנ אונ יאקוטיע, בא די טויערנ פונ שטילנ אקעאנ, אויסנוצנ די רייכסטע קוילנ-רעזערוונ פונ קירמא-בורייע, אפנ מעטאלור-גישנ ארצ פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט אונ די בערג פונ דעמ קליינעמ כינגאנ. פססר, אלס פארבילד פונ דער קינפטיקער אלוועלטלע-כער ראטנ-רעפובליק ווייזט אנ דער מענטשהייט איר אנטוויקלונג-וועג.

**
*

אפ ווייטער דארפ מענ אינ דער גאנצער ארבעט פאר דער בויונג פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט געדענקענ, אז די געגנט גייט אריינ אינ באשטאנד פונ ווייטמיזרעכדיקנ קאנט. דער דאזיקער מאמענט איז ווייט ניט קיינ פארמעלער, ער האט א קאלאסאלע פאליטישע אונ פראקטישע באדייטונג. אינ אונדזער טאגטעגלעכער ארבעט דארפנ מיר פונ דעמ מאכנ קאנקרעטע אויספירנ. מיר זיינענ זייער פארינטערעסירט דערינ, אז די ברייטע מאסנ זאלנ מער גענוי אינפארמירט זיינ וועגנ אלע באזונדערקייטנ פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט. מיר דארפנ

זי מער געווענ דערלערנט, געבנ די ניטיקע געאָגראַפישע קאַרטעס, נאָר גלײַכצײַטיק דאַרפנ מיר דערלערנענ די יידישע געגנט אפנ פּאָנ פונ דערלערנענ דעם ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט אינגאַנצנ גענומענ, אינ צוזאַמענהאַנג מיט די אַלגעמיינע פּראָבלעמעס, וועלכע שטייענ פאַרנ קאַנט. גלײַכצײַטיק דאַרפ מענ זיכ דערשלאָגנ, אַז די ברייטע האָרעפּאַשנע מאַסנ פונעם ווײַטנ מיזרעכ זאָלנ זײַנ באַקאַנט מיט דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט. שאַפנ א געהעריקע פעסטע געזערד־אָרגאַניזאַציע אינ ווײַטנ מיזרעכ איז אַנ ערשטראַנגיקע וויכטיקע אויפגאַבע. מע טאָר מער ניט דולדנ אַזא לאַגע, ווי מיר האָבנ געהאַט ביז דער לעצטער צײַט, אַז אינ ווײַטנ מיזרעכ גופע האָט מענ וועגנ בירעבידזשאַנ געוווּסט ווייניקער ווי אינ אַנדערע ערטער.

מיר דאַרפנ ברייט פּאָפּוליאַריזירנ דעם לאָזונג, וואָס א סאַכ כאַווייריםֿ האָבנ געוואָרפנ אינ די טעג, ווענ מע האָט פּראָקלאַמירט די יידישע אווטאָנאָמע געגנט — אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ רעגירונג־אַקט פונ 7־טנ מײַ, אַז „גאַנצ סססר בויט די יידישע אווטאָנאָמע געגנט". מיר טרעפנ דעם דאָזיקנ לאָזונג אינ די באַגריסונגענ פונ א ריי אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אונ אונטערנעמונגענ, אינ דער באַגריסונג פונעם סעקרעטאַר פונ אַלוקראַיִנישנ ציק, כ' וויצעכאָווסקי, אינ די רעזאָלוציעס פונ א ריי מיטינגענ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ פּראָקלאַמירנ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט. פאַר אונדז איז באַזונדערס וויכטיק דער דאָזיקער לאָזונג, קעדיי צוצוגעבנ אונדזער אַרבעט נאָכ א מער אינטערנאַציאָנאַלנ כאַראַקטער, קעדיי אויספילנ כאַווער סטאַלינס אָנווײַזונג אפנ XVII פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר וועגנ דערציִענ די מאַסנ אינ אינטערנאַציאָנאַלנ גײַסט. נאָר בא דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט, וואָס פאַרווירקלעכט די נאַצפּאָליטיק פונ דער פּאַרטיי, דעם לענינישנ אינטערנאַציאָנאַליזם, האָט געקאָנט געשענ אַזא „נעס", אַז די יידישע נאַצמינדערהײַט, וואָס איז געווענ צעשטויבט אינ מעשעכ פונ יאָרהונדערטער, האָט געקאָנט שאַפנ א פעסטנ קערנ אינ דער טײַגע נאָכ זעקס יאָר אָנגעשטרענגטער אַרבעט — שאַפנ דעם פונדאַמענט פונ א יידישער אווטאָנאָמער געגנט. מיר זײַנענ זיכער, אַז דאָס איז נאָר אַנ אָנהייב. מיטנ ווײַטערדיקנ באַזעצנ די דאָזיקע געגנט מיט יידישע איבערוואַנדערער,

וועלכע דארפנ אינ דער פראקטיק באווייזנ די גאנצע ריכטיקייט פונעמ רעגירונג-אקט פונ 7-טנ מיי 1934 יאָר — וועט מענ פארוואנדלענ די דאָזיקע דערווייל ווייניק-באלעבטע טעריטאָריע אינ א בליִענדיקנ קאנט. די באפעלקערונג, וואָס וווינט אפ דער דאָזיקער טעריטאָריע, וועט יעמ זיינ בעקוועמ צו טאָנ נאָר מיט דער געהעריקער הילפ מיצאד די ארבעטנ-דיקע מאסנ פונ אלע פעלקער אינ ססר, וואָס האָבנ באוויזנ זיכ צו פארפעסטיקנ פאר די יאָרנ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע.

פארשטייט זיכ, די גרונט-שטיצע וועט גיינ לויט דער ליניע פונ דער מעלוכע, לויטנ בודזשעט, לויט די סומעס פונ באזונדערע פאָלקס-קאָמיסאריאטנ פונ פססר אונ הססר אונ אנדערע צענטראלע אנשטאלטנ. א סאכ אָבער וועט דארפנ געטאָנ ווערנ אויכ לויט דער ליניע פונ שעפ-הילפ מיצאד דער פראָלעטארישער געזעלשאפטלעכקייט, מיצאד די באזונדערע רעפובליקנ אונ באזונדערס מיצאד די שעפנ פונ דער יידי-שער אווטאָנאָמער געגנט: דעמ ציק פונ ווססר אונ דעמ ציק פונ אוססר, וווּ עס וווינט די גרונט-מאסע פונ דער יידישער באפעלקערונג אינ פססר.

זייער אינטערנאציאָנאלע הילפ דארפ זיכ אויסדריקנ אינ דעמ סאמע ווייכטיקנ אונ ווערטפולנ פאר דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט — זיי דארפנ באזאָרגנ די געגנט מיט איבערוואנדערער מיט קאדרענ, מיט ספעציאליסטנ. דערינ באשטייט אצינד די צענטראלע אויפגאבע פונ באהערשנ די אָנצאָליקע רייכטימער אונ מעגלעכקייטנ פונ דער נייער געגנט.

אינ דער דאָזיקער הילפ דארפ זיכ אויסדריקנ אונדזער אינטערנאציאָ-נאלע סאָלידארישקייט, וואָרעמ דער מענטש — דער בויער פונ סאָ-ציאליזמ איז דאָס סאמע ווערטפולע אינ אונדזערע באדינגונגענ. די רעפובליקנ דארפנ אָפּקלייבנ די בעסטע מענטשנ, וואָס טויגנ פאר דער נייער בויונג אינ די קאָמפליצירטע באדינגונגענ פונ ווייטנ מיזרעכ. דערביי דארפ מענ באטאָנענ, אז דער לאָזונג „גאנצ פססר בויט די יידישע אווטאָנאָמע געגנט" באטייט גלייכצייטיק, אז צוגלייכ מיט די יידישע איבערוואנדערער, וואָס דארפנ אהינ דעריקער געשיקט ווערנ, איז נייטיק צוגעבנ אויכ ניט-יידישע קאדרענ, וועלכע וועלנ העלפנ גיכער אויספילנ די פלענער פונ בויענ אָט-דעמ רייכסטנ גרענעצ-ראיאָנ.

אינ די באַדינגונגענ פונ בויענ אַ נײַע געגנט איז די אינטערנאַציאָ=
נאַלע הילפ זייער וויכטיק. ווענ די פּראָלעטאַריער פונ פאַרשיידענע
אונטערנעמונגענ וועלנ העלפנ אינ דער פאָרמ פונ שיקנ רעמאָנט=
בריגאַדעס צו דער געהעריקער צײַט, העלפנ באַקומענ פאַרשיידענע
דעפיציטע מאַטעריאַלנ פונ די שעפישע פאָנדנ אַפ די אונטערנעמונגענ —
וועט דאָס האָבנ אַ גוואַלדיקע באַדײַטונג. ווענ די אַרבעטער וועלנ
ספּעציעל אינ די ניטאַרבעט־שאָענ פאַרגרייטנ מאַטאָנעס פאַר דער
יידישער געגנט, וועט עס באַטײַטנ, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלי=
דאַרישקײַט דריקט זיכ אויס אינ קאָנקרעטע מײַסים. די אגיטאַציע אונ
די פּראָפּאַגאַנדע מיצאַד די אַרבעטער פונ די פאַרשיידענע נאַציאָנאַלי־
טעטנ פאַר אויסהאָבנ די רעשטנ פונ נאַציאָנאַלער פײַנטשאַפט, וועלכע
שטעלט צומ שאַנד־סלופּ די אַנטפּלעקונגענ פונ אַנטיסעמיטיזמ צווישנ
די אָפּגעשטאַנענע עלעמענטנ, וועלכע פּאָפּוליאַריזירט די באַשטימונג
פונ דער רעגירונג וועגנ אָרגאַניזירנ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט,
זײַנענ אַלײנ פאַר זיכ אַ גרויסער פּאָזיטיווער פאַקט אינעמ פאַרווירק=
לעכנ די לענינ־יש=סטאַלינישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק.

דער אינטערנאַציאָנאַלער מאָמענט אינ דער אַרבעט פונ דער יידי־
שער אווטאָנאָמער געגנט האָט אַנ אַנטשיידנדיקע באַדײַטונג אינ דער
געגנט גופא, ווײַל אַפ דער טעריטאָריע פונ דער געגנט וווינענ פאַר=
שיידענע נאַציאָנאַליטעטנ, וועלכע בויענ זי צוזאַמענ, מיט געמיינזאַמע
קויכעס. זייער אַרבעט וועט זײַנ פרוכטבאַר, אויב זיי וועלנ ניט געבנ
דעמ קלאַסנפײַנט קיינ מעגלעכקײַט צו צעטיילנ דאָרטנ די אַרבעטנדיקע
לויטנ נאַציאָנאַלנ סימענ, אַפ באַזונדערע לאַגערנ, אַנטוויקלענדיק דעמ
נאַציאָנאַליזמ, דעמ יידישנ, רוסישנ, אוקראַינישנ, קאָרייִשנ אאַוו.
איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פונ דער פּאַרטיי־אָנפירונג אינ
געגנט איז — פאַרשטאַרקנ מיט אַלע מיטלענ די אינטערנאַציאָנאַלע
קלאַסנ=דערציִונג. די דאָזיקע אויפגאַבע דאַרפ באַזונדערס אַרויסגערוקט
ווערנ פאַר דער געזערד=אָרגאַניזאַציע אינ ווײַטנ מיזרעכ.

מיר דערמאָנענ נאָכאַמאָל, אַז די יידישע אווטאָנאָמע געגנט גייט
אַרײַנ אינ באַשטאַנד פונ ווײַטמיזרעכדיקנ קאַנט, אַז דאָרטנ ווערט גע־
לייזט איר גורל, איר דערפאָלג אָדער דורכפאַל. דאָס איקערדיקע

הענט אפ פונ דער ארמיקער פארטיי=ארגאניזאציע און פונ איר אנ־פירונג פונ די ארמיקע ראטנ־ארגאנענ, פונ דער אנפירונג מיצאד די געגנטלעכע ארגאנענ, וועלכע דארפנ ווערנ דורכגעדרונגענ מיטנ באוווסטזיינ פונ דער קאלאסאלער פאראנטווארטלעכקייט, וואס די רעגירונג=באשטימונג פונ 7־טנ מיי 1934 יאר לייגט אפ זיי ארויפ. מייגנ, אז מע קאנ אנפירנ מיט דער בויונג פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט פונ צענטער, פונ מאסקווע, פאר 10 טויזנט קילאמעטער, הייסט אפנארנ זיכ אליינ. ווי אפעראטיוו דער קאמערד זאל ניט זײַנ, ווי דער געזערד זאל אימ ניט העלפנ, וועט דער שווערפונקט פונ בויענ די געגנט ליגנ אינ דער קוואליטעט פונ דער ארבעט פונ די ארטיקע און געגנטלעכע ארגאניזאציעס.

דאס איז פארשטענדלעכ, נאר דאס נעמט אפ קיינ פאל אפ א האר ניט אראפ די פאראנטווארטלעכקייט פונ יענע צענטראלע ארגאנענ און ארגאניזאציעס, אפ וועלכע ס'איז ווי א הויפט=אויפגאבע ארויפגעלייגט געווארנ צו מיטהעלפנ דער סאציאליסטישער בויונג אינ דער יידישער אווטאנאמער געגנט. מע דארפ נאכ גענויער איינשטעלנ, ווער פארוואס איז פאראנטווארטלעכ, נאר די אלגעמיינע פאליטישע פאר=אנטווארטלעכקייט פאלט אפ יענע, וועלכע דארפנ בויענ די געגנט. די געזערד=ארגאניזאציעס דארפנ זיכ אינ דער ארבעט נאכ מער מאביליזירנ. דער דערגרייכטער דערפאלג פארפליכטעט ווײַטער צו פאנאנדערוויקלענ די ארבעט.

* * *

די צאל מיטגלידער פונ געזערד איז נאכ ווײַט ניט קיינ גענוגנדיקע. מע דארפ גראד איצט אויסניצנ דעמ מאמענט, ווענ עס האט זיכ ארויסגעוויזנ אזא גוואלדיקער אינטערעס צו דער שאפונג פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט, קעדיי ערנסט פארנעמענ זיכ מיט ווערבירנ מיטגלידער פארנ געזערד אינ אלע אונטערנעמונגענ, אינ די קאלווירטנ, ראטווירטנ, אינ דער רויטער ארמיי, צווישנ דער סטודענטנשאפט און לערנייוגנט.

די רעארגאניזאציע פונ קאמערד אינ דעמ פראט, וואס אינ זײַנע הענט ווערט קאנצענטרירט די אפעראטיווע אנפירונג מיט דער איבער=

וואַנדערונג פונ די ייִדישע אַרבעטנדיקע, וועט טיילווייַז באַפרייַען אַפּ די ערטער דעמ געזערד פונ דירעקטער אַרבעט צו ווערבירנ און אָפּקלייַבנ איבערוואַנדערער, וואָרעמ לויט אַט דער ליניע וועט אַרבעטנ דער אַפּאַראַט פונ קאָמערד. די אָרגאַניזאַציעס פונ געזערד וועלנ קאָנענ מער קאָנצענטרירנ זייער אויפמערקזאַמקייַט אַפּ דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליט־דערציִערישער אַרבעט, אַפּ ווערבירנ מיטגלידער, אַפּ אויסזוכנ מיטלענ, אַפּנ שעפטומ.

אינ דער זעלבער צייַט דאַרפ מענ געדענקענ, אַז די פראַגע וועגנ מענטשנ, וועגנ איבערוואַנדערער איז פאַר דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אַנ אַנטשיידנדיקע פראַגע, און די געזערד־אָרגאַניזאַציע וועט דאַרפנ אַפּנ סאַמע ערנסטנ אויפנ געזעלשאַפטלעכ מיטהעלפנ דעמ אַפּאַראַט פונ קאָמערד אַפּ די ערטער צו ווערבירנ און אָפּקלייַבנ איבערוואַנדערער. ביז וואַנענ דער דאָזיקער אַפּאַראַט וועט געשאַפנ ווערנ, דאַרפ מענ נאָכ ענערגישער ווי פריִער פאָרזעצנ די אַרבעט לויט דער דאָזיקער ליניע, וואָרעמ די פראָגראַמ פונ איבערוואַנדערונג אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט דאַרפ אומבאַדינגט אויסגעפילט ווערנ, פּונקט ווי עס דאַרפ אויסגעפילט ווערנ די פראָגראַמ פונ דער איבערוואַנדערונג אינ די איבעריקע ייִדישע ראַיאָנענ, וועלכע מיר טאָרנ אויכ אַפּ ווייַטער ניט אַרויסלאָזנ פונ אויגנ. מיר דאַרפנ זיי העלפנ דעראָבערנ די פאָדערשטע פּאָזיציעס אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

אינ באַשטאַנד פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט וועלנ אָרגאַניזירט ווערנ 4—5 ראַיאָנענ, וועלכע דאַרפנ קאָמפּלעקטירט ווערנ מיט געהעריקע טוער. דאָס לייגט אַרופ אַפּ די געזערד־אָרגאַניזאַציעס אַ פליכט: טייקעפּ אָנצונעמענ מיטלענ צו באַזאָרגנ די ייִדישע געגנט מיט צוגאָב־קאַדרענ, מיט טוער פונ די אַנטשפּרעכיקע קוואַליפיקאַציעס. מע דאַרפ נעמענ אינ אַכט, אַז אַ גרויסע ראָליע אינ דער אַרבעט פונ פאַרוואַנדלענ דעמ ראַיאָנ אינ אַ געגנט האָט געשפּילט דער פאַקט, וואָס דער ראַיאָנ איז זיכ שטאַרק צעוואָקסנ, וואָס ער האָט שוינ אַ בודזשעט פונ 54 מיליאָנ רובל, און איז צעוואָרפנ אַפּ אַ ריזיקנ שעטעכ פונ העכער 7 מיליאָנ הא. אָנפירנ מיט אים פונ איינ אָרט, פונ צענטער, ניט האָבנדיק קיינ אָנשפּאַר אַפּ די ערטער, איז ניט מעגלעכ.

מיר דאַרפֿן איצט העלפֿן דער געגנט שאַפֿן און פֿאַרפֿעסטיקן אירע ראַיאָנע פּונקטן.

די אָרגביוראָ, וואָס ווערט געשאַפֿן אויף צו פֿאַרוואַנדלען דעם ראַיאָן אין אַ געגנט, דאַרף וויסן, אַז אין געשטאַלט פֿון געזערד וועט זי געפֿינען די נייטיקע אונטערשטיצונג. דאָס דאַרף זיך אויסדריקן ניט בלויז אין רעזאָליוציעס, נאָר אין קאָנקרעטע מעשׂים, אין הילף מיט קאַדרען און מיטלען. מיר דאַרפֿן איצט אונדזער פּלאַן פֿון הוצאָות אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט פֿאַר דעם יאָר רעאַליזירן אין אַ פֿולער מאָס, ווי אין צענטער, אַזוי אויך אויף די ערטער. ס'איז מעגלעך, אַז אונדז וועט אויסקומען אַ קלער טאָן וועגן נײַע אַרבעט־מעטאָדן אויף צו פֿאַרשטאַרקן אונדזער פֿינאַנציעלע באַזע סײַ אין פּסר גופֿע סײַ אין די אויסלענדישע הילפֿאָרגאַניזאַציעס פֿון געזערד.

די אָרגביוראָ דאַרף זאָרגן וועגן דעם, אַז ס'זאָל אויסגעאַרבעט ווערן אַ צווייטער פֿינפֿיאָר־פּלאַן פֿאַר דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, מיר דאַרפֿן העלפֿן אין דער דאָזיקער אַרבעט. מע דאַרף זיך שוין גרייטן צו לייזן די פּראָבלעם פֿון כינגאַן, גרייטן אַ באָדן פֿאַר אַ מאַסן־איבערוואַנדערונג פֿאַר דער דאָזיקער גרויסער בויונג, ווײַל די פֿראַגע וועגן קוילן, מעטאַל און טראַנספּאָרט איז אַן אַנטשיידנדיקע פֿאַרן ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט.

באַם אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פֿון צווייטן פֿינפֿיאָר פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט דאַרפֿן מיר געדענקען, אַז די ליניע, וואָס איז גענומען אויף צו שאַפֿן אין דער געגנט אַ דערנערונג־באַזע, דאַרף דורכגעפֿירט ווערן מיט דער גאַנצער עקשנות. אָן דעם איז ניט מעגלעך צו פֿאַרפֿעסטיקן די איבערוואַנדערער. אין די נאָענטסטע יאָרן דאַרף די מעליאָראַציע שטיין אין צענטער פֿון דער אויפֿמערקזאַמקייט. דאָס דאַרפֿן געדענקען אויך די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האַלטן שעפֿטום איבער דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. די מעליאָראַציע איז די באַזע פֿאַר דער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון דער נײַער געגנט, וואָרעם עס פֿאָדערן זיך אַ סך צענדליקער טויזנטער איבערוואַנדערער, וועלכע מע דאַרף באַזאָרגן מיט דערנערונג.

דער געזערד דאַרף מאַקסימאַל אויסנוצן די געשאַפֿענע לאַגע, קעדיי פֿאַרברייטערן און פֿאַרפֿעסטיקן זײַן אָרגאַניזאַציע, פֿאַרשטאַרקן זײַן

טעטיקייט אונ אוועקשטעלנ ווי געהעריק די ארבעט פונ אופקלערנ דעמ זינ אונ די באדייטונג פונ דעמ, וואס די פארטיי אונ די רעגירונג האבנ באשלאסנ שאפנ א יידישע אווטאנאמע געגנט אינ באשטאנד פונ ווייטמיזרעכדיקנ קאנט. גלייכצייטיק דארפ דער געזערד קעמפנ קעגנ די אנטפלעקונגענ פונ נאציאנאליזמ לויט אט דער ליניע אונ אויכ קעגנ יענע, וואס דערשאצנ ניט דעמ דאזיקנ פאקט אונ איגנארירנ אימ.

דערביי דארפ מענ באווייזנ, ווי די אימפעריאליסטנ נוצנ אויס די יידישע נאציאנאליסטישע באוועגונג, דעמ ציעניזמ, שאפנדיק אינ פאלעסטינע א שטיצפונקט פארנ ענגלישנ אימפעריאליזמ.

די יידישע קאלאניזאציע פונ פאלעסטינע גייט אפ די מיטלענ פונ דער יידישער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע. די אנפירונג געפינט זיכ אינ די הענט פונ פלינקע בורזשואזע געשעפט־לייט, וועלכע עקספלואטירנ די יידישע מאסנ, וואס זיינענ פארפירט געווארנ קיינ פאלעסטינע צוליב זייער נויט אדער צוליב די אנטיסעמיטישע פארפאלגונגענ אינ די קאפיטאליסטישע לענדער, ווו זיי האבנ פריער געוווינט. די יידישע קאפיטאליסטנ אינ פאלעסטינע עקספלואטירנ די יידישע מאסנ א סאכ שטארקער ווי מע האט זיי עקספלואטירט פריער.

אינ בירעבידזשאנער ראיאנ האט מענ די יידישע ארבעטנדיקע מאסנ צוגענומענ מיט אפענע ארעמס, — דער דאזיקער ראיאנ האט זיכ באזונדערס שטארק גענייטיקט זיכ אינ מענטשנ. יעדער נייער מענטש איז געווענ אנ אנגעלייגטער גאסט, ווייל ער האט געהאלפנ דער אלגעמיינער סאציאליסטישער בויונג. אינ דער זעלבער צייט דארפ מענ פארצייכענענ, אז אינ בירעבידזשאנ זיינענ ניטא קיינע נאציאנאלע פרעטענדענטנ, וואס זאלנ וועלנ שאפנ דארטנ זייער מעלוכישקייט. די גרונט=נאציאנאליטעט זיינענ דארט די רוסנ, זיי האבנ די מערהייט. די דערפארונג פונ בויענ די נאציאנאלע ראטנ=רעפובליקנ האט באוויזנ, אז די באציונג מיצאד די רוסישע ארבעטער אונ ארבעטנדיקע איז א גוטע, א ריכטיקע, אונ אויסגעהאלטענע באציונג צו די ארגאניזירטע נאציאנאלע אווטאנאמיעס. דאס איז א פאקט פונ גרויסער באדייטונג.

אפ דער דערפארונג פונ בירעבידזשאנ קאנענ מיר אויכ קאנסטאטירנ, אז זינט עס האט זיכ אנגעהויבנ די יידישע איבערוואנדערונג

אהינ, האָבנ זיכ דאָרטנ אײַנגעשטעלט גוטע באַציִונגענ צווישנ די ייִדישע איבערוואַנדערער מיט די אָרטיקע אַלטע אײַנוווינער. דעמ לעצטנ יאָר זײַנענ געווענ פאַקטנ, אַז מע האָט די ייִדישע איבערוואַנדערער אײַנגעלאַדנ אינ ניט ייִדישע קאָלווירטנ. די שאַפונג פונ א ייִדישער אַווטאָנאָמער געגנט איז אינ בירעבידזשאַנ אויפגענומענ געוואָרנ מיט גרויס ענטוזיאַזמ ניט נאָר דורכ דער ייִדישער באַפעלקערונג, נאָר אויכ פונ דער ניט ייִדישער, וועלכע האָט אויסגעדריקט איר גרייטקײַט צו העלפנ מיט קאָנקרעטע מײַסימ בויענ די ייִדישע געגנט.

אַזוי איז די לאַגע אינעמ לאַנד פונ די ראַטנ.

ווי האַלט עס אָבער אינ לאַגער פונ די אימפּעריאַליסטנ, אינ פּאַ־לעסטינע, וווּהינ די ייִדישע איבערוואַנדערונג גייט שוינ אינ משך פונ העכער א האַלבנ יאָרהונדערט, ווו זי האָט אָפּגעקאָסט אונ קאָסט אָפּ צענדליקער אונ הונדערטער מיליאָנענ דאָלאַרנ?

די קאָלאָניזאַציע פונ פּאַלעסטינע טראָגט אַנ אויסגעשפּראָכנ אימ־פּעריאַליסטישנ כאַראַקטער, זי האָט דעמ ציל אַרויסצושטויסנ פונ דאָרטנ די אָרטגעבוירטיקע אַראַבישע באַפעלקערונג, וואָס וווינט דאָרט שוינ טויזנטער יאָרנ. די קאָלאָניזאַטערס שטעלנ זיכ ניט אָפּ פאַר קיינע מעטאָדנ אונ באַמיִענ זיכ שאַפנ פונ די ייִדישע אײַנוואַנדערער א פעסטנ אָנשפּאַר קעגנ די אַראַבער, וואָס „בונטעווענ זיכ” אונ שטרעבנ צו באַפרײַענ זיכ פונ אונטערנ אימפּעריאַליסטישנ יאָכ, אינ דער ערשטער ריי פונ ענגלישנ אימפּעריאַליזמ. די דאָזיקע אימפּעריאַליסטישע קאָלאָ־ניזאַציע פונ די ייִדנ אינ פּאַלעסטינע ווערט צוגעדעקט מיט היסטאָרישע באָבעמײַסעס וועגנ דעמ, וואָס די ייִדנ האָבנ מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק געוווינט אינ קליינאַזיע.

וואָס וואָלט געוואָרנ מיט אַלע מעלוכעס אינ דער וועלט, ווענ זיי וואָלט זיכ פּלוצעמ פאַרגלוסט אומקערנ די געשיכטע אָפּ צוויי טויזנט יאָר צוריק? נאָר די דײַטשישע פאַשיסטנ קאָנענ זיכ דערטראַכטנ דער־צו, אַז מע קאָנ אויסקערעווענ די ראָד פונ דער געשיכטע צומ מיטל־אַלטער. ס'איז אָבער א ספּק, צי די פאַשיסטנ אַליינ גלייבנ ערנסט אינ זייערע רעאַקציאָנערע פּלענער. אָבער ווי די ציוניסטנ זאָלנ זיכ ניט סטאַרענ צו דינענ די אימפּעריאַליסטנ, באַקומט זיכ בײַ זיי גאָרניט אַנ

ס'קאָנ זיכ ניט באַקומענ, ווײַל זיי באַזירנ זיכ אַפּ אַ וואַקלדיקנ באָדנ. בײַ דער ערשטער בעסטער קאָמבינאַציע, וואָס וועט זיי לוינענ, וועלנ די אימפּעריאַליסטנ לאָזנ די ייִדישע קאָלאָניסטנ אַפּ העפקער אינ די הענט פונ די, וועמענס געזעצלעכע נאַציאָנאַלע אינטערעסנ די ציִעניסטנ ווילנ מאַקרעוו זײַנ פאַר די אימפּעריאַליסטישע רויבער. אַלעמענ זײַנענ גענוג באַוווּסט די שכיטעס אַפּנ נאַציאָנאַלנ באָדנ, וואָס קומענ פאָר אינ פּאַלעסטינע צו דער פרייד פונ די אימפּעריאַליסטישע באַלעבאַטימ, וועלכע האַלטנ זיכ אַדאַנק דער סיסטעמאַטישער העצע אונ סינע צווישנ די נאַציאָנאַליטעטנ.

אינ פּאַלעסטינע ווערנ די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגענ פאַרשאַרפט, באַזונדערס פאַרנעמט זיכ דערמיט דער פאַשיסטישער ציִעניזמ אינ געשטאַלט פונ אַזאַ פירער ווי זשאַבאָטינסקי. עס פירנ אַ שאַרפע שאָוויניסטישע אַגיטאַציע אויכ די אַראַבישע עפענדימ. דאָס אַלצ פירט אומפאַרמײַדלעכ צו בלוטיקע צוזאַמענשטויסנ, אונ בײַ געוויסע באַדינגונגענ צו מילכאָמע־שלאַכטנ. דער קריג, וועלכער קומט איצט פאָר צווישנ העדזשאַס אונ יעמענ אינ אַראַביע, קאָנ זיכ דירעקט אָפּרופנ אַפּנ גורל פונ דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אינ פּאַלעסטינע. אויב די פאַרייניקונג פונ די אַראַבער וועט פּאַקטיש פאַרווירקלעכט ווערנ, וועט זיכ עס לאָזנ פילנ אויכ אינ פּאַלעסטינע. אויב די אַראַבער וועלנ זיכ באַפרײַענ פונעמ אימפּעריאַליסטישנ יאָכ, וועלנ זיי דורכפירנ זייערע פלענער קעגנ די ציִעניסטנ. וועלנ זיכ די אַראַבער ניט דערשלאָגנ עס אינגאַנצנ, אַפּ וויפל מע שטערט זיי אינ דעמ, וועלנ זיי דאָכ צווינגענ די אימפּעריאַליסטנ מער צו רעכענענ זיכ מיט זיי.

ווענ מיר נעמענ אינ אַכט די באַוועגונג פונ די אַראַבער, וואָס האָט דעמ ציל צו שאַפנ אַנ אײנהײטלעכע מעלוכע אינ אַזיע, וועלכע זאָל זײַנ באַפרײַט פונ די אימפּעריאַליסטישע דיקטאַטערס, קאָנ מענ גרינג פאָרויסזאָגנ, וואָס פאַר אַ גורל עס דערוואַרט די ייִדישע איבערוואַנדערער אינ פּאַלעסטינע. די מאַסנ קאָנענ טײַער באַצאָלנ פאַר דער פאַרברעכערישער פּאָליטיק פונ די ציִעניסטנ, וועלכע שטעלנ אינ קאָנ דאָס לעבנ פונ די ייִדישע איבערוואַנדערער צומ גונסטנ פונ די אימפּעריאַליסטנ. דער אײנציקער אויסוועג פאַר די ייִדישע אַרבעטנדיקע אינ פּאַ־

לעסטינע פונ דער געשאפענער לאגע איז — פאריייניקנ זיכ צוזאמענ מיט די הארעפאשנע אראבער אינ זייער געמיינזאמענ קאמפ קעגנ די ציוניסטנ אונ קעגנ די אימפעריאליסטישע פארזארגער זייערע, פארנ ניצאכנ פונ דער רעוואליוציאנערער פרייהייט-באוועגונג פונ די אראבישע פעלקער, אונטער דער אנפירונג פונ דער קאמפארטיי, וואס אינ אירע רייענ געפינענ זיכ שוינ די בעסערע רעוואליוציאנערע עלעמענטנ פונ די אראבישע ארבעטער, פעלאכנ אונ יידישע ארבעטער.

אלס כאראקטעריסטישער שטריכ, וואס באווייזט, אפ וויפל פאלעסטינע איז באנקראט פאר דער יידישער באפעלקערונג, קאנ דינענ דער פאקט, וואס אינ צוזאמענהאנג מיט דער גרויסער עמיגראציע פונ די יידנ פונ דייטשלאנד, פונוואנענ מע לויפט צוליב דעם פאשיסטישנ טעראר, ווערט איצט ארויסגערוקט די אידיי וועגנ אופזוכנ פאר די דאזיקע עמיגראנטנ א נייע טעריטאריע, אפנ עקוואטער, אינ אנגאלע אדג. באלאגימ צו פארנ אינ פאלעסטינע איז איצט פאראנ ווייניק. די, וואס האבנ פארזוכט דעמ טאמ פונ פאשיסטישנ רעזשימ, האבנ מוירע, אז אויכ אינ פאלעסטינע וועלנ זיי טרעפנ דעמ פאשיזמ, די ברוינע העמדלעכ.

דער וואלקאנישער צושטאנד פונ פאלעסטינע אפנ נאציאנאלנ באדנ לאזט זיכ דא, פארשטייט זיכ, אויכ פילנ.

* * *

יעדער טאג ברענגט אונדז נייע אפקלאנגענ פונ אויסלאנד אפ דער שאפונג פונ דער יידישער אווטאנאמער געגנט. מיר האבנ באגייסטערטע אפקלאנגענ אונ באגריסונגענ צומ צענטראלנ ראט פונ געזערד אונ אנדערע ארגאניזאציעס פונ יידישע ארבעטער אונ הארעפאשניקעס אינ אמעריקע, אווסטראליע, עסטרייכ, פראנקרייכ, ליטע, לעטלאנד, ארגענטינע אאוו. אינ די אלע באגריסונגענ ווערט אונטערגעשטראכנ, אז די אויסבילדונג פונ דער יידישער אווטאנאמיע אינ ססר באווייזט, ווי ריכטיק די ראטנ לייזנ די נאציאנאלע פראגע, אז דאס פירט „צו דער פאקטישער ברידערונג אונ דערנענטערונג צווישנ די נאציאנאליטעטנ, אלס רעזולטאט פונ נייע סאציאל-פאליטישע קעגנזייטיקע באציונגענ אינ ראטנפארבאנד“.

די מיטיילונג וועגנ דער שאַפונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט איז אופגענומענ געוואָרנ פונ די ייִדישע נאַציאָנאַליסטנ אונ ציִעניסטנ מיט אָפענער סינע. ווי דער „עמעס" דערציילט, איז עס פאַר זיי געווענ אומדערוואַרט, ווי א דונער פונ לויטערנ הימל, האָטש דער דאָזיקער אַקט איז שוינ לאַנג געווענ אָנגעמערקט. אייניקע בורזשואַזע אונ סאָציאַל-פאַשיסטישע צײַטונגענ האָבנ עס געפּרוּווט פאַרשווײַגנ, נאָר לאַנג שווײַגנ האָט מענ ניט געקאָנט אונ ארויסגעטרעטנ אָפנ אונ אָפּלייקענענ די וויכטיקײַט פונ שאַפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט וואָלט באַטײַט פאַרלירנ די ווירקונג אפ די מאַסנ, האָבנ זיי אָנגעהויבנ ריידנ, אַז אינ אַלגעמײַנ איז דאָס ניט קיינ שלעכטע זאַכ, נאָר בײַ דער סיסטעמ פונ קאָלווירטנ וועט די פּריוואַטע איניציאַטיוו אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט דערשטיקט ווערנ א.אַזוו. אָבער ווי די ייִדישע בורזשואַזיע אונ אירע פּאַרטייענ, די ציִעניסטנ אונ אַנדערע, זאָלנ זיכ ניט באַמיִענ צו טרײַבנ רעכילעס, וועלנ זיכ די ייִדישע אַרבעטער אונ האָרעפּאַשניקעס פאַנאַנדערקלײַבנ אינ אַלע ליגנס.

דערינ העלפנ זיי די פאָרגעשריטענע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער מיט זייערע פּאַרטייענ. מיר האָבנ אינ אויסלאַנד אינ אַלע טיילנ פונ דער וועלט 18 הילפּ-אָרגאַניזאַציעס פונ געזערד. זיי אַלע זײַנענ פרײַנטשאַפטלעכ פאַרבונדנ מיט פססר אונ זיי פּאָפּוליאַריזירנ מיט אַלע מיטלענ די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פונ דער ראַטנמאַכט, באַזונדערס בענעגייע די ייִדישע מאַסנ, אונ העלפנ אונדז מאַטעריעל. זיי וועלנ, פאַרשטייט זיכ, איצט באַדײַטנדיק פאַרשטאַרקנ אונ אַנטוויקלענ זייער אַרבעט, וואָרעמ דער רעגירונג-אַקט פונ 7-טנ מײַ וועט זיי צוגעבנ מער ענערגיע, מוט אונ אײַנגעשפּאַרטקײַט.

מיר וועלנ געבנ א קורצע כאַראַקטעריסטיק פונ אייניקער פונ די בעסטע געזערדישע הילפּ-אָרגאַניזאַציעס אינ אויסלאַנד, קעדיי דער לייענער זאָל באַקומענ א פאַרשטעלונג וועגנ דער באַדײַטונג, וואָס זייער אַרבעט האָט פאַר אונדז. לאָמיר נעמענ אַשטייגער דעמ „איקאָר" אינ אַמעריקע. ער איז אַנטשטאַנענ קימאַט גלײַכצײַטיק מיטנ געזערד, מיט 10 יאָר צוריק, אונ האָט אונדז איבערגעשיקט גאַנצ באַדײַטנדיקע געלטסומענ אינ אויסלענדישער וואַליוטע אונ אינ מאַשינעס.

זינט מיר האָבנ אָנגעהויבנ פירנ די ארבעט אינ בירעבידזשאַנ (1928), האָט זיכ דער „איקאָר" איבערגעשלאָסנ אָפּ צו באַדינענ דעמ דאָזיקנ ראַיאָנ. ער האָט אָרגאַניזירט זייער אַנ אווטאָריטעטע עקספּעדיציע, וואָס האָט זייער ערנסט אויסגעפאָרשט דעמ ראַיאָנ אונ האָט ארויסגעלאָזט אינ אויסלאַנד א סאָלידע ארבעט וועגנ בירעבידזשאַנ. פאַר די דאָזיקע יאָרנ האָט דער „איקאָר" אונדז איבערגעשיקט העכער א פערטל מיליאָנ דאָלער, מאַשינעס אונ אינסטרומענטנ. אינ בירעבידזשאַנ האָבנ זיכ באַוויזנ די ערשטע אווטאָמאָבילנ, מאָטאָציקלענ, טראַקטערס, עקסקאַוואַטערס, וואָס האָבנ גענומענ אופהייבנ דעמ ניט גערירטנ באָדנ, פאַרייניקנ זײַנע צעוואָרפענע פּונקטנ אאַוו.

דער „איקאָר" האָט צוגעשיקט דעטאַלנ פאַר סטאַנדאַרט־הײַזער, מאַשינעס פאַר עלעקטראָסטאַנציעס, אויסשטאַטונג פאַר א בלעכ־פאַבריק אאַוו., קאָמפּרעסאָרנ אונ א סאַכ פאַרשיידענע זעגנ אונ אנדערע אינסטרומענטנ, א גאָרטנ־טראַקטער, אַנ עלעקטרישע וועשערײַ, מעדיקאַמענטנ, מעדיצינישע אינסטרומענטנ אאַוו. דאָס אַלצ, וואָס מיר האָבנ אויסגערעכנט, גיט א געוויסע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ, ווי אַקטיוו די ייִדישע ארבעטער אונ האַרעפּאַשניקעס אינ אַמעריקע אינטערעסירנ זיכ צו געזונט מאַכנ די עקאָנאָמישע לאַגע פונ די ייִדישע מאַסנ אינ פססר. נאָכ א גרעסערע באַדײַטונג האָט די געזעלשאַפטלעכע אונ פּאָליטישע טעטיקײַט פונ אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס ווי „איקאָר", וועלכע דעמאַסקירנ די מיִעסע רעכילעס, וואָס עס פאַרשפּרייטנ אונדזערע סאָנימ. קעגנ די דאָזיקע רעכילעס שטעלט דער „איקאָר" זײַנ ריכטיקע אינפאָרמאַציע וועגנ פססר אונ באַזונדערס וועגנ דער לאַגע פונ די ייִדנ. די מיטהילפ־אָרגאַניזאַציעס קעמפנ קעגנ פאַשיזמ אונ אַנטיסעמיטיזמ אונ נעמענ אָנטייל אינ אַלע קאַמפּאַניעס צוזאַמענ מיט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטנ, זיי דעמאַסקירנ די ציִעניסטנ, זייערע מאַכינאַציעס אונ רעכילעס וועגנ פססר, זיי דעמאַסקירנ אויכ די רעכילעס פונ די ייִדישע סאָציאַל־פאַשיסטישע פּאַרטייענ, ווי דער „בונד" אונ אַנדערע. אַלס כּלל, ארבעטנ געוויינלעכ די מיטהילפ־אָרגאַניזאַציעס פונ געזערד אינ קאָנטאַקט מיט דער געזעלשאַפט „פרײַנט פונ פססר" אינ אויסלאַנד. „איקאָר" שטיצט זיכ דעריקער אָפּ די ייִדישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער.

די דאָזיקע מיטהילפאָרגאַניזאַציעס פונ געזערד איז אויסלאַנד העלפנ אונדז מיט מענטשנ אונ קוואַליפיצירטע אַרבעטער, אינ וועלכע מיר האָבנ זיכ גענייטיקט אינ ביראָבידזשאַנ. מע האָט אונדז געשיקט אַגראָנאָמענ, אינזשעניערנ, טעכניקער אונ אַנדערע ספּעציאַליסטנ. די דאָזיקע כאַוויירימ האָבנ אונדז מיט זייער שלאָגלערישער געניטער אַרבעט געהאָלפנ אונ העלפנ נאָכ איצט אויכ פּראַקטיש בויענ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט. עמעס, ניט אַלע, וואָס זיינענ געקומענ פונ אויסלאַנד, זיינענ דאָרט פאַרבליבנ. אַ גרויסער טייל האָט דאָרט אָפּגעאַרבעט אַ געוויסע צייט אונ האָט זיכ ניט געקאָנט צופּאַסנ צו דער אַרבעט פונ פּיאָנערנ אינ אַ נייער ניט באַוווינטער געגנט אונ האָט זיכ איבערגעקליבנ אינ אַנדערע געגנטנ פונ פאַרבאַנד. אָבער די, וועלכע האָבנ זיכ פאַרפעסטיקט אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, אַרבעטנ גוט.

אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זיינענ פאַראַנ אַרבעטער אונ ספּעציאַליסטנ, וועלכע זיינענ געקומענ פונ אַמעריקע, ליטע, לעטלאַנד, אַרגענטינע, פראַנקרייכ, דייטשלאַנד, פּוילנ, בעלגיע, פּאַלעסטינע אאַוו. זיי אַלע האָבנ מיט זייער שלאָגלערישער אַרבעט מיטגעהאָלפנ די דערפאָלגנ פונ ביראָבידזשאַנ אונ האָבנ מיטגעהאָלפנ צו פאַרוואַנדלענ אים אינ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

מיר האָפנ, אַז אויכ אָפ ווייטער וועלנ מיר אויפנעמענ פונ אויסלאַנד ייִדישע אַרבעטער, וואָס זיינענ נייטיק פאַר דער בויונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, אָפ צו פאַרגיכערנ די טעמפּנ פונ איר וווּקס, אויפנעמענ אינ אַזאַ צאָל, ווי עס וועלנ אונדז דערלויבנ די באַדינגונגענ.

דער ענטוזיאַזמ פונ די ייִדישע אַרבעטער, וועלכנ ס'האָט אַרויסגערופנ די אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, איז זייער גרויס. ס'איז גענוג זיכ צו פאַררופנ אָפ אַזאַ פאַקט, ווי דער מיטינג, וועלכער איז איינגעאָרדנט געוואָרנ אינ ניו־יאָרק לעקאָוועד דעמ שאַפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, וואָס האָט צונויפגעקליבנ העכער 12 טויזנט אַנטיילנעמער. ווענ עס וואָלטנ מעגלעכ געווענ אַזעלכע מיטינגענ אינ די זיכ פאַשיזירנדיקע לענדער, וואָלטנ מיר אויכ דאָרטנ אָנ צווייפל געהאָט ניט קיינ ווייניקער אימפּאָזאַנטע אָפּקלאַנגענ.

אפ ווײַטער באַמ אָפּקלײַבנ אַרבעטער אונ טעכנישנ פּערסאָנאַל פונ אויסלאַנד פאַר דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט וועט מענ דאַרפנ זײַער זאָרגעוודיק דורכקאָנטראָלירנ, צי די דאָזיקע מענטשנ טויגנ פאַר די שווערע באַדינגונגענ אינ דער נײַער געגנט — סײַ אינ סאָציאַלער הינזיכט סײַ לויט דער פּראָפעסיאָנעלער קוואַליפיקאַציע. מיר דאַרפנ באַקומענ אַזא עלעמענט, וואָס זאָל זיכ לײַכט קאָנענ צונויפלעבנ אינ איינ אַרבעט־מישפּאָכע מיט אַלע בויער פונ דער סאָציאַליסטישער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.

די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט איז א קינד פונ דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. זי וועט וואַקסנ, קרעפטיקנ זיכ אונ אַרײַנטראָגנ איר בײַלעק אינ דער אַלגעמײַנער ברידערלעכער פעלקער־מישפּאָכע פונ פּססר, וואָס בויט אונטער דער אָנפירונג פונ לענינס—סטאַלינס פּאַרטיי די אָנקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

# כ' קאלינינס רעדע

## אפנ אופנעמ פונ דער מאָסקווער ארבעטער-דעלעגאציע, וואָס האָט אימ באזוכט דעמ 28/VI 1934

— אינ ראטנפארבאנד, — זאָגט כ' קאלינינ, — איז פאראנ בא 3 מיליאָנ ייִדנ אונ קיינ מעלוכישער ייִדישער איינס איז ביז איצט ניט געווענ. די אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט שאפט א פעסטנ פונדאמענט פונ דער ייִדישער נאציאָנאליטעט.

איכ באטראכט בירעבידזשאנ פונעמ שטאנדפונקט פונ גרויסע פערספעקטיוונ. מיט דעמ פאקט פונ שאפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט ווערט די ייִדישע פעלקערשאפט קאָנסאָלידירט אונ באקומט אלע סימאָנימ פונ א נאציע. דאָס שאפנ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט עפנט פערספעקטיוונ פארנ ווײַטערדיקנ אויפבלי פונ דער ייִדישער קולטור, נאציאָנאל לויט איר פאָרמ, סאָציאַליסטיש לויט איר אינהאלט. איכ פערזענלעכ האלט, *אז אינ א יאָר 10 ארומ וועט בירעבידזשאנ זײַנ דער גרונטלעכער קולטור-צענטער פונ די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ.*

די געצווונגענע אָפּגעזונדערטקייט, וואָס איז געווענ דיקטירט דורכ דער פּאָליטיק פונ דער צארישער רעגירונג, האָט פארקאָנסערווירט די לעבנספעייִקייט פונ דער ייִדישער באפעלקערונג אינעמ געטאָ-שאָלעכץ. אונ ערשט מיט דער פאנאנדערוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג, ווענ עס ווערט פארווירקלעכט דער ברידערלעכער צוזאמענבונד פונ די ארבעטנדיקע פונ אלע נאציאָנאליטעטנ, האָבנ זיכ פאר די ייִדישע ארבעטנדיקע מאסנ אונ באזונדערס פאר דער ייִדישער יוגנט געעפנט גראנדיעזע פערספעקטיוונ.

די ייִדישע מאַסנ לעבנ און אַרבעטנ אינעמ לאַנד פונ די ראַטנ צו־גלײַכ מיט אַלע אַרבעטנדיקע פונ אַנדערע נאַציִאָנאַליטעטנ. אָט איז אינ מאָסקווע פאַראַנ 40 טויזנט ייִדישע פּראָלעטאַריער, וואָס אַרבעטנ אינ די גרעסטע אונטערנעמונגענ. אינ די אינדוסטריִעלע שטעט פונ ווײַסרוס־לאַנד זײַנענ דאָ זאַוואָדנ, ווו די ייִדישע אַרבעטער באַטרעפנ 90 פּראָ־צענט. די ייִדישע שטעטלדיקע מאַסנ, וואָס גייענ אינ אונדזערע פאַב־ריקנ און זאַוואָדנ און אינ דער סאָציִאַליסטישער לאַנדווירטשאַפט אַפ די ערד־פאָנדנ, וואָס זײַנענ פאַר זיי אויסגעטיילט, ליקווידירנ מיטנ וואָרצל די שטייגערישע איבערבלײַבעכצנ פונעמ פאַרשאָלטענעמ געטאָ און באַהעפטנ זיכ צומ נײַעמ סאָציִאַליסטישנ אַרבעט־לעבנ, וואָס מעקט אָפּ די שפּורנ פונ נאַציִאָנאַלער באַגרענעצטקייט און אָפּגעפרעמדטקייט.

די אויסבילדונג פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, האַלט איכ, איז פאַר אונדז באַזונדערס ווערטפול דערמיט, וואָס דאָס גיט די מעג־לעכקייט, דורכ קאָנצענטרירנ באַדײַטנדיקע ייִדישע אַרבעטנדיקע מאַסנ אינ דער פאָרמ פונ אַ מעלוכישנ איינס, *אויפהייבנ אַפ אַ העכערער שטופע די קולטור־שטייגערישע באַדינגונג פונ די דאָזיקע מאַסנ און שאַפנ אַ פעסטנ באָדנ פאַרנ עקאָנאָמישנ און קולטורעלנ אויפבלי פונ דער ייִדישער נאַציִאָנאַליטעט.*

די גרינדונג פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט באַטראַכט איכ, אַזוי אַרום, ווי אַ רעזולטאַט פונעמ קאָנסעקווענטנ דורכפירנ די נאַציִ־אָנאַלע פּאָליטיק פונ דער ראַטנמאַכט, וואָס איז געצילט צו באַוואָרענענ דעמ עקאָנאָמישנ און קולטורעלנ אויפבלי פונ אַלע נאַציִאָנאַליטעטנ, וואָס לעבנ בײַ אונדז אינ פאַרבאַנד.

*בירעבידזשאַנ* וועט, אָנ צווייפל, ווערנ אַ בליִענדיקע געגנט, און די ייִדישע באַפעלקערונג דאָרט וועט שוינ ניט וויסנ פונ יענע ספּעציפישע שטריכנ, וואָס זײַנענ געווענ בייסנ צאַריזמ אייגנטימלעכ דעמ פאַרשטויסענעמ, דערשלאָגענעמ ייִדישנ אַרבעטנדיקנ אינ די שטעט־לעכ פונ אוקראַיִנע, פוילנ, ווײַסרוסלאַנד. די שוועריקייטנ אינעמ סאָציִ־אַליסטישנ באַהערשנ אָט די נאָכ רויע, אָבער אויסשליסלעכ רײַכע געגנט וועלנ אויסשמידנ אַ נײַעמ טיפּ ייִד. *די איצטיקע פּיִאָנערנ פונ*

באהערשנ די נײַע געגנט וועלנ שאפנ א פעסטנ, געזונטנ דאר. די ווידערשטאנד־קראפט אינעמ קאמפ פאר באהערשנ די נאטור־רײַכטימער פונ דער געגנט האט דא א קאלאסאלע פאזיטיווע באדײַטונג. דער צווייטער דאר בירעבידזשאנער ייִדנ — דאס וועלנ זײַנ, אויב מע קאנ זיכ אזוי אויסדריקנ, קאוובויענ בענעגייע דער נאטור, אבער, פארשטייט זיכ, אינעמ סאציאליסטישנ באנעמ פונ דעמ דאזיקנ ווארט. שוינ בײַ די איצטיקע באדינגונגענ, ווייס איכ, שאפט זיכ אינ בירעבידזשאנ אט דער נײַער טיפ ארבעטמענטש.

שוינ איצט הייבנ אנ די ארבעטער אונ קאלווירטניקעס פונ בירעבידזשאנ ביסלעכווײַז צו באהערשנ דעמ נײַעמ קאנט. זיי פארמאגנ ניט שלעכטע, קולטורעלע וווינונגענ. עס אנטוויקלט זיכ די ארטיקע אינדוסטריע אונ די לאנדווירטשאפט. עס וואקסט דער מאטעריעלער באזיס פאר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פונ דער געגנט. בײַ דער באפעלקערונג איז א גוטע, מונטערע שטימונג.

אינדערעמעסנ, דאס איז דאכ א לאנד, אנ אויסערגעוויינלעכ לויט זײַנע נאטירלעכע רײַכטימער. דארט זײַנענ פאראנ גרויסע וואלד־רײַכטימער, רויכווארג, פיש, קאסטבארע מינעראלנ, גרויסע ארצ־אויצרעס, דארט איז פאראנ אלצ, אפילע גאלד.

די מעלוכישע אויספורעמונג פונ בירעבידזשאנ עפנט ברייטע פערספעקטיוונ פאר דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פונ דער געגנט. די גאנצע ווײַטערדיקע ארבעט אינ בירעבידזשאנ באקומט א מעלוכישנ מאסשטאב אונ רופט ארויס גרויסע מעלוכישע פראבלעמענ צו באהערשנ די געגנט.

דאס, וואס די ערשטע צײַט ווערט דעריקער אנטוויקלט די ארטיקע באדינונג־אינדוסטריע, וועט געבנ די מעגלעכקײַט צו פארפעסטיקנ אינ דער געגנט א גרעסערע צאל איבערוואנדערער. א באזונדערע באדײַטונג האט פאר בירעבידזשאנ דאס שאפנ אנ אייגענע דערנערונג־באזע.

מיט דער פארפעסטיקונג פונ די ארטיקע סאוועטישע, פארטיײַשע ארגאניזאציעס, מיטנ וווּקס פונעמ פראלעטאריאט וועט, אנ שום צווייפל, וואקסנ דער אלגעמיינער ווילשטאנד פונ דער געגנט אונ די פאנאנדערוויקלונג פונ דער אינדוסטריע אינ גרויסע מאסשטאבנ. אינעמ פלאנ

פונעם צווייטנ פינפיאָר איז אײַנגעשלאָסנ איינע פונ די גרעסטע נײַבויונגענ פונ אַלפאַרבאַנדישער באַדײַטונג — דער ווײַטמיזרעכדיקער מעטאַלורגישער קאָמבינאַט — אַפ דער באַזע פונ די אײַזנאַרצ־רײַכטימער פונ כינגאַנ, וואָס געפינענ זיכ אַפ דער טעריטאָריע פונ בירעבידזשאַנ, אונ פונ די בורייער קוילנ, וואָס ליגנ האַרט בא דער גרענעצ פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. שוינ אינ 1937 יאָר וועט דאָ פאַרויסגעזענ אַרויסצולאָזנ 40 טויזנט טאָנ פאַרטיקע טשוגונ־פּראָדוקציע.

בירעבידזשאַנ האָט קאָלאָסאַלע פּערספּעקטיונ פאַר דער פאַנאַנדערוויקלונג פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג.

אונ אויטאָנאָמע געגנט איז א גרויסע זאַכ בא אונדז אינ פאַרבאַנד. די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט וועט האָבנ איר פאַרשטייערשאַפט אינעמ נאַציאָנאַליטעטנ־ראַט אונ אויכ באַמ וציק אונ ראַטפאָלקאָמ, א זעלבשטענדיקנ בודזשעט, אונ אייגענעמ פינפיאָר־פּלאַנ.

דאָס גרינדנ די אויטאָנאָמע געגנט העכערט שטאַרק די ראָליע אונ די באַדײַטונג פונ אונדזערע אָרגאַניזאַציעס — קאָמערד אונ געזערד, וואָס דאַרפנ, אָנשפּאַרנדיק זיכ אַפ דער אונטערשטיצונג פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ אינ רספסר, אוקראַינע אונ ווײַסרוסלאַנד, געבנ אָרגאַניזאַציאָנעלע אונ קולטורעלע הילפ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

פעסט אָרגאַניזירנ די איבערוואַנדערונג, באַוואָרענענ א גוטנ אָפּקלײַב — אָט וואָס ס'איז איצט דאָס סאַמע וויכטיקע פאַר בירעבידזשאַנ. פונוואַנענ זאָל מענ שעפּנ די קאַדרענ? קלאָר, אַז דער גרונט־קוואַל פונעמ מענטשנ־מאַטעריאַל איז דאָס שטעטל אונ די קליינע שטעט, ווו עס לעבט א קאָמפּאַקטע ייִדישע באַפעלקערונג. בוצ דעמ, ווי דאָס איז שוינ געווענ אינ דער פּראַקטיק פונ באַזעצנ בירעבידזשאַנ, וועלנ אוינ אָנ צווייפל, צוזאַמענ מיט דער פאַרפעסטיקונג פונ דער געגנט, אַרײַנוואַנדערנ באַשטימטע שיכטנ ייִדישע אַרבעטער פונ אויסלאַנד. בירעבידזשאַנ פילט א שאַרפנ מאַנגל אינ קוואַליפיצירטער אַרבעטקראַפט, ער פאָדערט שטיינ־אַרבעטער, סטאָ־

ליערס, טעסלער, שלאָסער אונ אַרבעטער פונ אַנדערע קוואַליפיקאַציעס, וואָס צווישנ די יִידישע אַרבעטלאָזע אינ אויסלאַנד זיינענ זיי פאַראַנ זייער פיל.

באַרירנדיק די אויפגאַבעס פונ די אַרבעטער אינ מאָסקווע אונ אַנדערע אינדוסטריִעלע צענטערס, אינעמ זינ פונ געבנ קאָנקרעטע הילפ דער בויונג פונ דער יִידישער אווטאָנאָמער געגנט, שטרייכט מיכאַיִל איוואַנאָוויטש באַזונדערס אונטער די באַדייטונג פונעמ מאַטעריעלנ אונ קולטורעלנ שעפטומ פונ די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס איבער בירעבידזשאַנ.

— ס'איז נייטיק איינצושטעלנ אַ פעסטע פאַרבינדונג צווישנ די שעפ-אָרגאַניזאַציעס מיט דער יונגער אווטאָנאָמער געגנט. די יִידישע אַרבעטער קאָנענ געבנ אַ וועזנטלעכע הילפ דער ניי-געשאַפענער געגנט דורכ דעמ, וואָס זיי וועלנ אַרויסרוקנ פונ צווישנ זיכ פאַרשיידענע טוער פאַר בירעבידזשאַנ. די פראָפאַריינענ, די קולטור-אָרגאַניזאַציעס, דער יִידישער טעאַטער אאַ. קאָנענ אויפטאָנ זייער פיל אינ מיטצוווירקנ דעמ אויפבוי פונ בירעבידזשאַנ.

— געוויס וועט צוזאַמענ מיט דער אַנטוויקלונג פונ דער אינדוסטריִעלער בויונג אינ בירעבידזשאַנ נייטיק ווערנ אַ מאַסנ-צופלוס אינ דער ערשטער ריי פונ הויכ-קוואַליפיצירטע אַרבעטער פונ אונדזערע גרויסע צענטערס, באַזונדערס פונ מאָסקווע. די דאָזיקע הילפ וועט מענ מוזנ אָרגאַניזירנ. אונ עס קאָנ קיינ שומ צווייפל ניט זיינ דערינ, אַז דער יִידישער אַרבעטער וועט אַרויסווייזנ אַ קאָלאָסאַלנ אינטערעס צו דער יִידישער אווטאָנאָמער געגנט, וואָס בויט זיכ אינ ראַטנפאַרבאַנד.

ריידנדיק וועגנ דער קולטורעלער הילפ פאַר בירעבידזשאַנ, שטרייכט כ' קאַלינינ באַזונדערס אונטער די פליכטנ פונ דער יִידישער ליטעראַטור פאַר בירעבידזשאַנ.

— דאָרט, — זאָגט מיכאַיִל איוואַנאָוויטש, — אינ דער יִידישער אווטאָנאָמער געגנט וועלנ די יִידישע סאָוועטישע שרייבער געפינענ געזונטע, נאַרהאַפטיקע זאַפטנ פאַר זייער שאַפונג.

צומ שלומ זאָגט כאַווער קאַלינינ פאָלגנדיקס:

— ווי איר זעט, איז די באַשטימונג פונ דער רעגירונג

ווענ שאפנ א ייִדישע אווטאנאָמע געגנט ניט קיינ דעקלאראציע, נאר זי דרינגט ארויס קאָנסעקווענט פונ די אויפ־גאבעס צו פארווירקלעכנ די לעניִנשע נאציאָנאלע פאָליטיק. די באזעצונג און די פארפעסטיקונג פונ דער געגנט, די אלמעגלעכע אנטוויקלונג פונ איר אינדוסטריע, לאנדווירטשאפט און קולטור וועט באקומענ די אל־זײַטיקע אונטערשטיצונג פונ דער צענטראלער רעגירונג.

עס קאָנ קיינ שום סאָפעק ניט זײַנ דערינ, אז בא דער גינסטיקער אנטוויקלונג און אינטענסיווער באזעצונג פונ בירעבידזשאנ וועט זיכ מיט דער צײַט שטעלנ די פראגע וועגנ פארוואנדלענ די ייִדישע אווטאנאָמע געגנט אינ א ייִדישער אווטאנאָמער רעפובליק.

# כ׳ קאַלינינס ענטפער

## אַפ די פראַגנ פונעמ ייִטאַ-קאָרעספּאָנדענט אינ מאָסקװע װעגנ דער באַדײַטונג פונ שאַפנ די ייִדישע אױטאָנאָמע געגנט

דער מאָסקװער קאָרעספּאָנדענט פונ דער „ייִדישער טעלעגראַפנ-אַגענטור“ ד. װענדראָװ האָט זיכ געװענדט שריפטלעכ מיט אַ ריי פראַגעס צומ פאָרזיצער פונעמ פאַרבאַנדישנ צענטראַלנ אױספיר-קאָמיטעט אינ פאַרבינדונג מיט דער באַשטימונג פונ דער ראַטנ-רעגירונג װעגנ פאַרװאַנדלענ בירעבידזשאַנ אינ אַ ייִדישער אױטאָנאָמער געגנט.

לױטנ אױפטראָג פונ כ׳ קאַלינינ האָט ד. װענדראָװ באַקומענ פאָלגנדיקע ענטפערס אַפ זײַנע פראַגעס.

1. די פּרינציפּנ פונ דער סאָװעטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק ברענגענ דערצו, אַז יעדע נאַציאָנאַליטעט באַקומט איר אױטאָנאָמע מעלוכישע אױספורעמונג אינ באַשטימטע טעריטאָריאַלע ראַמענ. דער אופשטײַג פונ נאַציאָנאַלנ זעלבסטבאַװוסטזײַנ און אַקטיװקײַט פונ די אַרבעטנדיקע פונ יעדער נאַציע האָט פאַרגיכערט די טעמפּנ פונ דער װירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בױונג אינ די גרענעצנ פונ יעדער אױטאָנאָמער נאַציאָנאַלער פאַרײניקונג. די סאָװעטישע נאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט שױנ פולשטענדיק אַרױסגעװיזנ איר טיפע לעבנספעיִקײַט.

2. די ייִדנ האָבנ ביז איצט אַזאַ מינ אױספורעמונג ניט געהאַט, און דאָס האָט זײ געשטעלט אינ אַ ביסל אַנ אַנדער לאַגע אינ פאַרגלײַכ מיט די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטנ.

שױנ אינ 1928 יאָר, װענ די פאַרבאַנדישע רעגירונג האָט אױסגעטײלט דעמ בירעבידזשאַנער ראַיאָנ פונ װײַטמיזרעכדיקנ קאַנט אַפ צו

באַזונדער האַרט ארבעטנדיקע יידנ, האָט זי פאַרויסגעזענ די מעגלעכקייט
צו אָרגאַניזירנ אינעם דאַזיקנ ראַיאָנ א יידישנ אווטאָנאָמענ אייגנס. בא
היינטיקנ טאָג שפּילנ שוינ די באַזעצטע יידנ אינעם דאַזיקנ ראַיאָנ די
פירנדיקע ראָליע אינ דער גאַנצער ווירטשאַפטלעכער אונ קולטורעלער
רעקאָנסטרוקציע פונעם ראַיאָנ. אַט דאָס האָט געמאַכט פאַר צוועקמע־
סיק אונ האָט פאַרזיכערט דאָס אַרויסגעבנ די באַשטימונג פונ 7־טנ
מײַ 1934 יאָר.

3. די איבערוואַנדערונג פונ די ארבעטנדיקע יידנ, וואָס איז פאַר־
בונדנ מיט צוגרייטנ ערד־פאָנדנ, מיט בויונג א.א.וו., וועט זיכ קאָנענ א
סאַכ ריכטיקער אונ גיכער פאַנאַנדערוויקלענ באַם פאַראַנענזײַנ פונ אנ
אווטאָנאָמער געגנט. דער פּראָצענט יידישע באַפעלקערונג וועט אינ דער
אווטאָנאָמער געגנט בא דער נײַער לאַגע וואַקסנ א סאַכ גיכער, איידער
ביז איצט. מיט איינ וואָרט, די אַנטוויקלונג פונ דער יידי־
שער מעלוכעשאַפט וועט איבערגעגעבנ אינ די הענט
פונ די ארבעטנדיקע יידנ.

4. די יידנ באַקומענ איצט דאָס, וואָס עס האָבנ בא אונדז אלע אנ־
דערע נאַציעס: די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלענ מיט אייגענע פאַרייניקטע
קויכעס זייער קולטור, א נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרמ אונ א סאָציאַליס־
טישע לויטנ אינהאַלט, צו פאַרפעסטיקנ די ווירטשאַפט, צו האָבנ א
פאַרשטייערשאַפט אינ די העכסטע געזעצגעבערישע אָרגאַנענ אונ פאַר־
נעמענ זייער אָרט אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג צווישנ אלע אנ־
דערע נאַציעס, האָבנ די שטיצע פונעם גאַנצנ ראַטנפאַר־
באַנד אינ דער שווערער זאַכ פונ באַהערשנ די
ווייניק באַוווינטע טעריטאָריע.

5. פונעם אויבנ געזאָגטנ דרינגט שוינ אויב אַרויס, אינ וואָס פאַר
א זינ עס קאָנ זײַנ געווענטשנ די איבערוואַנדערונג פונ ארבעטנדיקע
יידנ פונ אנדערע לענדער. עס קאָנענ אויפגענומענ ווערנ פונ דאָרט
מענטשנ געזונטע, ארבעטפייקע, וואָס זײַנענ גרייט אונ וואָס שטרעבנ
צו באַטייליקנ זיכ אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, מענטשנ מיט
אזעלכע פּראָפעסיעס, וואָס זײַנענ בא אונדז אינ
ראַטנפאַרבאַנד דעפיציט (בויער, טישלער, סטאָליער, מו־

ליערס, דערפארענע מיער פון פארשיידענע צווייגן לאנדווירטשאפט, קוואַ־ליפיצירטע מעטאליסטן, מאַטאָריסטן אאוו.).

דערביי קאָן אָבער ניט פאלן אפן בודזשעט פון האטנפארבאנד די הוצאָה, וואָס איז נייטיק אפן זייער פאָרן אהער, אפן זייער איינאָרדענונג און אויסשטאטונג פון זייער ווירטשאפט.

---

# די יידישע אווטאנאמע געגנט*

בירעבידזשאנ איז לויטנ באשלוס פונ דער רעגירונג פארוואנדלט געווארנ אינ א יידישער אווטאנאמער נאציאנאלער געגנט. אינ אט די עטלעכע קארגע ווערטער איז אפגעשפיגלט די רומפולע לענינישע נאציאנאלע פאליטיק, וואס ווערט אינ מעשעכ פונ העכער 16 יאר פארווירקלעכט אינעמ ראטנלאנד.

דאס צארישע רוסלאנד, — די „טורמע פאר פעלקער" — האט געטאנ אלצ וואס מעגלעכ, קעדיי צו זייענ פייננטשאפט צווישנ פארשיידענע נאציאנאליטעטנ, וואס האבנ באפעלקערט זיינ קאלאסאלע טעריטאריע. צענדליקער באפעלנ האבנ באגרענעצט דאס רעכט פונ דער יידישער באפעלקערונג, פארווערט די יידנ צו וווינענ אינ די אדער אנדערע פונקטנ פונ רוסלאנד, איינגעשטעלט א פראצענט-נארמע פאר יידנ אינ די לערנ-אנשטאלטנ, באגרענעצט דאס צונעמענ זיי אינ די זאוואדנ אאוו. אדג. דאס אלצ איז געטאנ געווארנ צוליב דעמ, קעדיי צו פארטושנ די קלאסנ-ווידערשפרוכנ, וואס האבנ געפרעסנ דאס לאנד, מיטנ אונטערהעצנ איינ נאציאנאליטעט אפ דער צווייטער. ווי א ווילדער קאשמאר שטייענ אופ די בילדער פונעמ איזדיעקעווענ זיכ איבער די יידנ, דער ביילים-פראצעס, דער קישענעווער, אדעסער, האמלער פאגראמענ, וואס זיינענ דורכגעפירט געווארנ מיט דער בראכע פונ דער צארישער רעגירונג.

אינ 1905 יאר האט לענינ געשריבנ: „...פאנאנדערצינדנדיק די ראסנפיינטשאפט אונ דעמ שוואטימ-האס, קאנ די רעגירונג אפ א צייט פארהאלטנ די אנטוויקלונג פונעמ קלאסנקאמפ, אבער נאר אפ א קור-

*לייטארטיקל פונ „איזוועסטיא" פונ 10-טנ מיי, 1934 יאר.

צער צײַט און הערצנ מיטנ פרײַז פונ נאָכ גרעסערנ פאַרברײטערנ דאָס בעלד פאַר א נײַעמ קאַמפ, מיטנ פרײַז פונ נאָכ גרעסערנ פאָלק־צאָרנ קעגנ דער זעלבסטהערשאַפט״.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט געמאַכט א סאָפ צו דער נאַציאָנאַלער אומגלײַכהײַט. פאַר אונדזערע אויגנ זײַנענ אויסגעוואַקסנ בליִענדיקע נאַציאָנאַלע רעפובליקנ, קאַנטנ און געגנטנ. די זיבנ רעפובליקנ, וואָס גײענ אַרײַנ אינעמ פאַרבאַנד פונ די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליקנ — איז אַנ אײנהײַטלעכע סאָלידאַרע פאַמיליע, וואָס ווענדט אַלע איִרע קויכעס אַפ אויסצובויענ די אָנקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

אָבער אויב פאַר אונדז איז די נאַציאָנאַלע פראַגע שוינ געלייזט, איז אַפ פינפ זעקסטל פונעמ ערדקײַלעכ פאַרבלײַבט די זעלבע לאַגע, וועגנ וועלכער וולאַדימיר איליטש האָט גערעדט.

„די שטורעמ־אידײ ווערט רײַפ אינעמ באַוווסטזײַנ פונ די מאַסנ״. אַלצ מער און מער וואַקסט אָנ דער רעוואָליוציאָנערער קריזיס. קעדיי אויסצומײַדנ איִמ, קעדיי צו פאַרהאַלטנ דעמ אומראַכמאָנעסדיקנ גאַנג פונ דער געשיכטע, ווערנ אויסגענוצט אַלע מיטלענ פונ דעמ אָפענעמ בלוטיקנ פאַשיסטישנ טעראָר ביז דעמ שוינ אויסגעפרוווטנ מעטאָד — פאַנאַנדערצײַנדנ דעמ זאָאָלאָגישנ נאַציאָנאַלנ האַס.

מיטנ אָנשטעל פונ וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס פרײדיקנ די נײַגע־באַקענע „געלערנטע״ האָס מאַכנ אונטערטעניק די „נידעריקערע״ ראַסע אונטער דער „העכערער״, זײ פרײדיקנ עקספאַנסיע אַפנ מיזרעכ, וואָס ווערט אַרויסגערופנ קלימאַטיש דורכ דער באַזונדערער מיסיע פונ דעמ אָדער אַנדער פאָלק אאַוו.

אָבער פונקט אַזוי ווי אַמאָל אינ רוסלאַנד האָט די נאַציאָנאַלע פײַנטשאַפט געקאָנט אָפציִענ אַפ א קורצער צײַט די מאַסנ פונ דער רעוואָליוציע, אָבער זי האָט ניט געקאָנט ראַטעווענ די בורזשואַזיע פונ איר אונטערגאַנג, איז אויב איצט וועלנ קײנע שומ ראַסנ־טעאָריעס ניט אַרײַנבלאָזנ קײנ לעבנ אינ דעמ קאַפיטאַליזמ, וואָס איז פאַרמישפּעט פונ דער געשיכטע.



552—4

אינעמ שײַנ פונ דעמ אַלעמ איז דאָס פאַרוואַנדלענ בירעבידזשאַנער ראַיאָנ אינ אַנ אווטאָנאָמער נאַציאָנאַלער געגנט — אַ פאַקטער פונ אַ קאָלאָסאַלער פּאָליטישער באַדײַטונג.

בירעבידזשאַנ איז אַ געגנט מיט אַ קאָלאָסאַלער צוקונפט. איר טער־ריטאָריע — 70 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער — באַטרעפט ווי בעלגיע אונ האָלאַנד צוזאַמענ גענומענ. פּאַלעסטינע איז לויט איר טעריטאָריע אינ דרײַ מאָל קלענער פונ בירעבידזשאַנ. דאָ געפינענ זיכ גרויסע אײַזנאַרצ־רײַכטימער, ברייטסטע ערד־מאַסיווג, וואָס קאָנענ ווערנ טווּע־פאַבריקנ. פאַבריקנ פונ פעטס, פלייש, פוטער, פיברעס א.א.וו. די רײַכ־סטע וועלדער שאַפנ אַ באַזע צו אַנטוויקלענ די וואַלד־אינדוסטריע, זעגמילנ, וואַלד־כימישע אונ האָלצ־באַאַרבעטונג־אינדוסטריע. מיטנ באַ־הערשנ די אַלע רײַכטימער באַשעפטיקנ זיכ די אַרבעטנדיקע ייִדנ, די, וואָס וווינענ איצט אינ דעמ ראַיאָנ, אונ די, וואָס וואַנדערנ איבער אַהער פונ פאַרשיידענע ערטער פונ ראַטנפאַרבאַנד אינ פונ אויסלאַנד.

דאָס גאַנצע לאַנד העלפט קעסיידער בירעבידזשאַנ מיט מענטשנ, מיט מאַשינעס, מיט מאַטעריעלע רעסורסנ.

אָט די אויפמערקזאַמקײַט אונ הילפ פונעמ לאַנד איז אַ גאַראַנטיע פונ דער דערפאָלגרײַכער אַנטוויקלונג פונ בירעבידזשאַנ. די לעצטע באַ־שטימונג פונ ציק פונ פּסטר עפנט אויפ נאָכ גרעסערע מעגלעכקײַטנ צו פאַרוואַנדלענ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אינ אַ פאָרגעשריטענעמ ראַיאָנ פונ ראַטנפאַרבאַנד.

ניט קיינ זיסינקע רייד לעב וועגנ דעמ „פאַרשפּראָכענעמ לאַנד”, ניט קיינ נאַציאָנאַליסטישע אַפּנאַרערײַ, נאָר עמעסע פראָלעטאַרי־שע הילפ גיט דאָס לאַנד, וווּ עס בויט זיכ דער סאָציאַליזמ, פאַר אַלע פעלקער, וואָס וווינענ אינ איממ, דערונטער אויכ דעמ ייִדישנ פאָלק.

פירנדיק אַנ אומבאַרמהאַרציקנ קאַמפ קעגנ די רעשטנ פונ די קאַפּי־טאַליסטישע עלעמענטנ צווישנ די ייִדנ אינ בירעבידזשאַנ, וועלנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט זיכ דערשלאָגנ איר פולנ אויפבלי.

„מיר האָבן פֿאַרניכטעט דעם נאַציאָנאַלן יאָך. מיר האָבן פֿאַרניכטעט די נאַציאָנאַלע פּריווילעגיעס און האָבן אײַנגעשטעלט נאַציאָנאַלע גלײַכבאַרעכטיקונג. מיר האָבן פֿאַרניכטעט די מעלוכישע גרענעצן אינעם אַלטן זין פֿון וואָרט, די גרענעץ־סלופּעס און די טאַמאָזשנע־צוימען צווישן די נאַציאָנאַליטעטן פֿון פּסס״ר. מיר האָבן אײַנגעשטעלט די איינהייט פֿון די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן פֿון די פֿעלקער אין פּסס״ר״ (ס ט א ל י ן).

ש. דימאנשטיינ

# אָרגאניזירנ די וויסנשאפטלעכע אויספאָרשונג פונ דער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער רעקאָנסטרוק־ציע פונ די ייִדישע מאסנ

לענינ האט אונדז געלערנט, אז סאציאליזם דאס איז דיסקאנט. אויב אינ דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט הערשט א געוויסע אנאר=כיע סיי אינעם פראדוציר=פראצעס, אזוי אויכ אינ דער פארטיילונג פונ דער פראדוקציע, אונ דאס איז איינער פונ די מאמענטנ, וואס רייסנ ארונטער די קאפיטאליסטישע סיסטעם, איז די פראלעטארישע ווירט=שאפט־סיסטעם געגרינדעט אפנ פלאנירפרינציפ, ווייל ס׳איז דא א רעאלע מעגלעכקייט אונ אלגעמיינע נויטווענדיקייט פריער צו דיס־קאנטירנ אונ נאכדעם שאפנ דעם ווירטשאפטלעכנ פלאנ.

אינ אונדזער ארבעט צווישנ די יידישע מאסנ שטייט פאר אונדז די גאנצע צייט די שארפע באדערפעניש אינ א גענויעמ דיס=קאנט פונ די סאציאל=עקאנאמישע פראצעסנ, וואס קומענ פאר בא דער יידישער באפעלקערונג אינ אונדזער סאוועטישנ לאנד. די עקאנא=מישע ארבעט אונדזערע טראגט אינגאנצנ א סאציאליסטישנ כאראק־טער אונ זי דארפ זיינ געגרינדעט אפ געוויסע וויסנשאפטלעכע יע־דיעס, וואס אנ זיי איז אוממעגלעכ צו פירנ א קאנקרעטע טאגטעגלעכע ארבעט.

זעלבסטפארשטענדלעכ, מוז מענ זיכ רעכענענ מיט דער קאנקרעטער לאגע, וואס עקזיסטירט בא אונדז. די אלגעמיינע סטאטיסטיק בא אונדז

אינ לאַנד ווערט געפירט לויט דעמ טעריטאָריעלנ פּרינציפּ, ווײַל דאָס איז פיל צוועקמעסיקער, איידער לויטנ נאַציאָנאַלנ. מיר ווייסנ גאַנצ גוט, אז קימאַט יעדע נאַציע געפינט זיכ אינ איינ צײַט אינ פאַרשיי־דענע רעפּובליקנ. די עקאָנאָמישע סטאַטיסטיק ווערט אָבער געפירט הויפּטזאַכלעכ לויט די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגענ, לאַנדווירט־שאַפטלעכע אאַוו., וואָס געפינענ זיכ אינ באַשטימטע ערטער, אינ רע־פּובליקנ. אונדזער אַלגעמיינע סטאַטיסטיק, ווי געזאָגט, מוז זיכ באַזירנ אויפנ טעריטאָריעלנ פּרינציפּ און זי קאָנ נאָר אינ א געוויסנ טייל אויכ דיסקאָנטירנ דעמ נאַציאָנאַלנ מאָמענט. דערבײַ איז ניט אַלעמאָל גיט מעגנ אימ אָפּ די נייטיקע אכט.

אָפּ וויפל די יידישע מאַסע געפינט זיכ געוויינלעכ אומעטומ אינ דער מינדערהײַט, קומט אונדז אויס אָנצווענדנ א ריי הילפּ־מיטלענ אָפּ צו באַקומענ די נייטיקע און גענויע פּינקטלעכע סאָציאַל־עקאָנאָמישע יע־דיעס, אינ וועלכע מיר נייטיקנ זיכ פאַר א וויסנשאַפטלעכנ אַנאַליז.

א געוויסע צײַט האָט זיכ מיט עקאָנאָמסטאַטיסטישער אַרבעט פאַר־נומענ דער „אָרט". נאָכ דעמ, ווי דער „אָרט" האָט זיכ אַרײַנגעגאָסנ אינ געזערד, האָט זיכ מיט דער אַרבעט גענומענ באַשעפטיקנ דער „קאָמ־ערד". ס'איז געווענ א צײַט, ווענ די קאָנטינגענטנ־פראַגע פאַר דער יידי־שער איבערוואַנדערונג איז זייער ברייט אַרויסגערוקט געוואָרנ. דאַנ איז אַפילע געווענ א רעגירונג־באַשטימונג וועגנ א ספּעציעלער קאָמיסיע אינ דער שפּיצ מיטנ פּרעזידיומ־מיטגליד פונ פאַרבאַנדישנ ציק כ' שאַטמאַנ, וואָס האָט געזאָלט אַרויסשיקנ עקספּעדיציעס אינ די ערטער, פונוואַנענ עס גייט די יידישע איבערוואַנדערונג, קעדיי אויספאָרשנ די קאָנטינגענטנ־פראַגע. איבער צופעליקע סיבעס איז אָבער די קאָמיסיע צו איר אַרבעט דאַנ ניט צוגעטראָטנ.

שפּעטער איז די קאָנטינגענטנ־פראַגע קימאַט ווי אַראָפּ פונ טאָג־אָרדענונג אינ דער פאָרמ, ווי זי איז פריער געשטאַנענ. א ספּעציעלע באַראַטונג, וואָס איז פאָרגעקומענ באַמ אינסטיטוט פונ דער יידישער קולטור אינ קיעוו וועגנ דער יידישער עקאָנאָמישער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, האָט אַפילע געהאַט אָנגעמערקט אייניקע נײַע מאָמענטנ אינעמ צוגאַנג צו דער פראַגע אינ פאַרבינדונג מיט דער איבערוואַנדערונג אינ

בירעבידזשאַנ. אָבער די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג פונ דער עקאָנאָמישער אַרבעט צווישנ דער יידישער באַפעלקערונג אינ ראַטנפאַרבאַנד איז די לעצטע יאָרנ גאַנצ קענטיק אָפּגעשוואַכט געוואָרנ, ווי אינ צענטער, אַזוי אויכ אופ די ערטער. מיר האָבנ געהאַט בלויז איינצלנע פּרוונ אויסצופאָרשנ באַזונדערע יידישע שטעטלעכ אינ אוקראַינע (באַ אַ צענדליק שטעטלעכ), ווי אויכ אינ ווײַסרוסלאַנד, אָבער נאָר ספּאָראַדיש.

די איצטיקע באַשטימונג פונ דער פּאַרטיי אונ רעגירונג צו פאַרוואַנדלענ בירעבידזשאַנ אינ אַ יידישער אַווטאָנאָמער געגנט אונ די וויכטיקײַט אינ פאַרבינדונג דערמיט פיל צו העכערנ אונדזערע טעמפּנ אינ דער אַרבעט פונ באַזעצנ די געגנט אונ פאַרגרעסערנ שטאַרק פונ יאָר צו יאָר די צאָל איבערוואַנדערער אַהינ פאָדערט פונ אונדז גענוי צו וויסנ דעם באַלאַנס פונ אַרבעטקראַפט צווישנ די יידישע האַרעפּאַשנע מאַסנ. מיר מוזנ וויסנ ווי ווײַט מעגלעכ גענוי, וואָס איז נאָכ באַ אונדז געבליבנ פונ דער יידישער באַפעלקערונג אינ שטעטל. נאָכ וויכטיקער איז אויסצופאָרשנ, וועלכע טיפּנ שטעטלעכ מיר האָבנ איצט, וואָסערע אַרבעטרעסורסנ זיי פאַרמאָגנ, וואָס טוט זיכ אַרומ זיי.

ס'איז זייער וויכטיק צו וויסנ, וואָס שטעלט מיט זיכ פאָר די יידישע יוגנט, אַלס הויפּט־קאַדרענ פאַר בירעבידזשאַנ, ביפראַט די לערנ־יוגנט פונ די פאַבריק־זאַוואָדישע שולנ, אינדוסטריעלע טעכניקומס אונ אַנדערע מיטעלע אונ העכערע לערנ־אַנשטאַלטנ.

פאַר אונדז איז בײַ גאָר וויכטיק צו האָבנ אַ געוויסנ דיסקאַנט פונ יידישע אַרבעטער צ. ב. אינ דער שטיינקוילנ־אינדוסטריע, אינ דער מעטאַלורגיע, איבערהויפּט אָבער בויער אונ אויכ אַנדערע פאַכנ, וועלכע מיר וועלנ אינ די נאָענטסטע יאָרנ מוזנ האָבנ אינ אַ גאַנצ גרויסער צאָל פאַר דער יידישער געגנט. די אַנטוויקלונג פינ דער מעטאַלורגיע, די פּראָבלעמ פונ כינגאַנ, וועלכע אייניקע טוער פונ בירעבידזשאַנ האָבנ געפּרווט פאַרנאַכלעסיקנ, ווי אַנ איניקע ערשט פאַר די ווײַטערדיקע דורעס, האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר זייער אַקטועל, שוינ אינ דער נאָענטער צוקונפט פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ דער יידישער אַווטאָנאָמער געגנט. צוגלײַכ מיט דער אַנטוויקלונג פונ דער אַרטיקער

דערנערונג־באזע מוזנ מיר אויכ האבנ אינ אויג בינגאנ, וועגבויונג אאוו.

מיר דארפנ זיכ גרייטנ אינ די נאענטסטע עטלעכע יאר צו געבנ באא צענדליק טויזנט יידישע ארבעטער פארנ וויטנ מיזרעכ אונ מעגלעכ אז מער. דאס פאדערט פונ אונדז צו וויסנ פינקט־לעכ, ווו זיי געפינענ זיכ, וועלכע פראפעסיעס אונ קוואליפיקאציעס זיי באזיצנ. מעגלעכ, אז מע וועט דארפנ א טייל איבערקוואליפיצירנ אאוו. מיר דארפנ האבנ די גאנצע צייט די דינאמיק פונ די יידישע ארבעטער באא אונדז אינ לאנד, קעדיי מיר זאלנ קאנענ אינ די געהעריקע אנ־שטאלטנ אריינטראגנ אונדזערע פלענער אונ קאנקרעטע ציפער, וואס זאלנ זיינ באגרינדעט בעסער, איידער דער אמאליקער קאמערדישער „יידישער פינפיאר".

*די יידישע פרעסע*, וואס איז א גרויסער פאקטער אינ דער באדינונג פונ די יידישע מאסנ, מוז אויכ שטעלנ פאר זיכ די פראגע פונ אקטיוונ אנטייל אינ דעמ אויספארשנ די עקאנאמישע לאגע פונ די יידישע מאסנ. דאס באציט זיכ *סיי צו די צענטראלע אונ סיי צו יעדער ארטיקער יידישער צייטונג*. ביפראט, אז זיי זיינענ אינ דעמ *לויט זייער ארבעט אליינ* ניט שטארק פארינטערעסירט. די ציפערנ, מיט וועלכע מיר אפערירנ אינ דער פרע־סע, זיינענ, ערשטנס, ניט קיינ שטארק באגרינדעטע, צווייטנס, ווערנ זיי דאכ זייער גיכ פארעלטערט. די יידישע צייטונגענ מוזנ זיכ באטייליקנ באמ ארגאניזירנ די אויספארשונג פונעמ עקאנאמישנ צושטאנד פונ די יידישע מאסנ. דאס דארפ געטאנ ווערנ דורכ די אנטשפרעכיקע וויסנ־שאפטלעכע אנשטאלטנ, דורכ די נאצמינדישע אפטיילנ באא די רעפוב־ליקאנישע ציקנ, דורכ די נאצמינד־טוער אינ די פאלקאמבילדנ, דורכ די פראפארייענ, געזערד־ארגאניזאציעס, די קוסטארישע ארגאניזאציעס אאוו.

***

מע דארפ נייטיק ארגאניזירנ א *ספעציעלע באראטונג* פונ די פארינטערעסירטע אנשטאלטנ, ווו מע זאל גענוי באטראכטנ די פראגע. זוי פראקטיש צו פארווירקלעכנ די אנגעמערקטע אויפגאבע.

באַמ נאַציאָנאַליטעטנ־אינסטיטוט אינ מאָסקווע אַרבעט אַ ספּעציעלע יידישע וויסנשאַפטלעכע קאָמיסיע. לײַדער האָט זי נאָר באַוויזנ פאַנאַנדערשיקנ אַ געוויסע צאָל אַנקעטעס צו די אָרטיקע געזערד־אָרגאַניזאַציעס אונ צו די בילדונג־אָפּטיילנ. אַ סאַכ יידישע אָרטיקע לערער האָבנ זיכ גערנ אָפּגערופנ אונ גענומענ אַפּ זיכ קלײַבנ די נייטיקע מאַטעריאַלנ; אָבער דאָס איז נאָר אַ שוואַכער אָנהייב. אינ אוקראַינע קלײַבט זיכ דער נאַצמינדר פונ וווציק אויספאָרשנ 4 טיפּישע שטעטלעכ, אָבער דאָס איז פאַר אוקראַינע אויכ צו ווייניק; אונדז איז ניט באַוווסט, וועלכע פּלענער זײַנענ פאַראַנ אינ ווײַסרוסלאַנד אינ דער ריכטונג, נאָר קיינ סיסטעמאַטישע קענטיקע אַרבעט איז דאָרט אויכ ניטאָ.

די באַשטימונג פונ דער פּאַרטיי אונ ראַטנמאַכט וועגנ שאַפנ אַ יידישע אווטאָנאָמע געגנט האָט אופגעהויבנ אונדזער גאַנצע אַרבעט צווישנ די יידישע מאַסנ אַפ גאָר אַ נײַער הייכ. אַפ דער הייכ דאַרפנ מיר אויכ אופהייבנ די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט אינ די אַנטשפּרעכיקע יידישע אַנשטאַלטנ, וואָס דאַרפנ זיכ אַ קער טאָנ מיטנ פּאַנעם צו די באַדערפענישנ פונ אויסבויענ די יידישע אווטאָנאָמע געגנט, אַרויסגייענדיק פונ די הויכע פאָדערונגענ פונעמ צווייטנ פּיאַטיאָר אופצובויענ די אַנקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

Редактор Гольдберг. Техред. С. Абрам. Корректор Иткин.

Сдано в производство 22/VI—34 г.
Подписано к печати 10/VII—34 г.
Формат бумаги 82×110 1/32. 3 1/2 п. л. 34.000 зн. в п. л.
Тираж 5.000. Уп. Главлита В—83666.

Тип. изд-ва «Дер Эмес», Москва, Покровка, 9. Зак. № 552.